
קֹהֶלֶת
דער מענטש אין דאָס בוך
פֿון
הרב יהודא ליב זלאטניק

דער שער איז פֿון דער רענע־
סאַנס עפּאָכע, (פֿאַרלאַג פֿון די
בערנאַרדיני בּרידער, װענעציע,
1498.) די אותיות זענען אין
דער האַנט־שריפֿט פֿונם מחבר.

## הרב יהודא ליב זלאָטניק

# קהלת

## דער מענטש און דאָס בוך

* *
*

עס איז שוין לאנג געזאָגט געוואָרן, אז פאַר דעם מענטש וואָס דיינקט, איז די וועלט אַ קאָמעדיע; פאַר דעם מענטש אָבער וואָס פילט, איז די וועלט אַ טראַגעדיע.

דער מענטש וואָס דיינקט, איז דער פילאָזאָף, דער קאָפּ-מענטש; דער מענטש וואָס פילט, איז דער דיכטער, דער האַרץ-מענטש.

קהלת איז געווען ביידע: אי דיכטער, אי פילאָזאָף. און ניט נאָר איז ער געווען פון זיין נאַטור גענייגט צו פילאָזאָפירן, פאַרשן און אַנאַליזירן — גריבלען זיך איז ביי אים אַ ליידנשאַפט; ער גיט זיך אָפּ דערצו מיט לייב און זעל, ער טוט עס מיט כוונה, מיט אַ „לשם-יחוד".

ער האָט אָבער אויך אַ געפילפול האַרץ, אַ האַרץ וואָס גייט אוים נאָך שיינקייט און גענוס, און ווערט פאַרקלעמט צוזעענדיק אומרעכט און ברוטאַליטעט.

און אַ קאַמף, אַ לאַנגער, אַ פאַרביסענער קאַמף ברעכט אוים צווישן דעם דיכטער און צווישן דעם פילאָזאָף אין קהלת'ן: דער דיכטער אין אים זעט די וועלט טראַגעדיע; דער פילאָזאָף אין קהלת'ן זעט די קאָמעדיע פונ'ם דאַ-זיין, די זינלאָזיקייט פונ'ם לעבן און פון אַלע אַנדערע מענטשליכע אַספּיראַציעס.

---

און אַזוי אַנטשטייט דאָס מערקווירדיקסטע בוך — דאָס בוך קהלת, וואָס היינע רופט אָן „דער שיר השירים פון סקעפּטיציזם", בשעת דעליטש רופט עס „דער שיר

השירים פון רעליגיע". און רענאַן, ווילנדיק שילטן, מוז דאָך, ווי בלעם אמאָל, בענטשן. און ער שרייבט:
Livre charmant, le seul livre aimable qui ait été composé par un juif.

---

דער פילאָזאָף קאָן קלוג באַטראַכטן די וועלט, קאָן זי זען ווי א משוגעים הויז — און מעלאַנכאָליש שמייכלען . . .

דער פילאָזאָף קאָן צווייפלען, שאָקלען מיטן קאָפּ, ציען מיט די אַקסלען: טאָמער . . . ווער ווייסט . . . אפשר . . .

ער קאָן צולאָזן דעם געדאַנק, אַז אפשר איז טאַקע די וועלט ווי א שיף אָן אַ רודער,

ותעשה אדם כדגי הים,
כרמש לא מושל בו!

ניטאָ קיין סיסטעם און ניטאָ קיין וואַכמאַן: אָפּגעטאָן — פאַרפאַלן; אריינגעכאַפּט — וואויל באַקומען! . . .

דער דיינקער קאָן צווייפלען. נאָכמער: ער קאָן זיך דערלויבן אלץ צו באַטראַכטן ווי א זייטיקער צושויער און בלייבן קאַלטבלוטיק.

דער דיכטער אָבער קאָן זיך דאָס ניט דערלויבן. ער קאָן ניט צווייפלען, און נאָך ווינציקער קאָן ער זיין קאַלטבלוטיק. נאָכמער — ער קאָן ניט צווייפלען, ווייל ער ווייסט*).

דער דיכטער פילט, און זיין האַרץ זאָגט אים, אַז עס איז פאַראַן אין דעם אומענדליכן פאַרנעם, אי פּלאַן, אי סיסטעם; אי דין, אי משפט; עס איז פאַראַן אורזאַך און קאָנסעקווענץ — פאַראַן געאָרדענטע שיינקייט און ממילא אויך אַן אויג וואָס וואַכט, אַ האַנט וואָס פירט און אַ געדאַנק וואָס רעגירט.

אומרעכט, ברוטאַליטעט, אומבאַשטראָפטע געוואַלד-טאַט און אומגעצוימטע לוסט, זייענדיק אזוי אָפּשיי-

---

* Nier Dieu, pour lui, ce serait nier le monde.

פאַר אים — קהלתן — צו פאַרלייקענען גאָט, הייסט פאַר לייקענען די וועלט, זאָגט רענאַן.

ליך און העסליך, זיינען קעגן דער הארמאָניע פון דער וועלט-אָרדנונג און דעריבער אויך אוממעגליך.

און דאָך . . .

און דאָך, אַלץ וואָס ס׳קומט פאַר ארום אים, און אַלץ וואָס ער זעט פאר זיינע אויגן, איז אזוי אנדערש, ווי ס׳וואָלט געדאַרפט זיין.

מ׳קאָן עס ניט אָפּלייקענען, מ׳קאָן עס אָבער זיך אויך ניט פאַרטייטשן.

אומבאַהאָלפן שטייסטו פאר דעם סודות-פולען ספינקס, וועלכער, שמייכלענדיק מעפיסטאָפעליש אין זיין באָרד אריין, פרעגט דיך אַ פראַגע נאָך אַ פראַגע און אַ רעטעניש נאָך אַ רעטעניש. און אַז דו קאָנסט ניט ענטפערן, שטעקט ער זיינע נעגל אומבּרחמנותדיק דיר טיף אַריין אין האַרצן. טיפער, אַלץ טיפער גראָבט ער איין זיינע שפּאָרן, און דיין האַרץ בלוטיקט און בלוטיקט . . .

---

ענדליך —

נאָכ׳ן שטורם און דראַנג קומט די רואיקייט. צווייפל און געדאנקען-וואקלונגען פאַרשווינדן, אַ קלאָרער און מילדער זעפיר פאַרטרייבט די מרה-שחורהדיקע וואָלקנס, און אין איר גאַנצער קלאָרקייט שיינט ארוים אַ זון.

און דער דיכטער רופט אויס:

„און זיס איז די ליכטיקייט,

און אַנגענעם איז פאר די אויגן צו זען די זון!"

(קהלת, י״א—ז׳)

---

דער דיכטער זיגט:

קהלת, ווי אַלע אידישע נביאים, לערער און זעער, איז מער דיכטער ווי פילאָזאָף.

אָבער די פילאָזאָפישע ספּעקולירונגען זיינע, זיינען ניט אינגאַנצן און אָן נוצן פאַרלוירן געוואָרן.

געשטילט ווערט דער פריערדיקער ליידנשאפטלי-

כער און פארטױבנדיקער דראַנג צו לעבענס-גענוס.

געשטילט װערן די ברױזנדיקע און טעמפּעראַמענט-פולע אױסברוכן. סענטימענטן בלײַבן ניט מער די זעלבסטהערשער.

דעם פּלאַץ פון לײַדנשאַפטליכער אנטריסטונג פאַר-נעמט איצט אַ האַרציקע גוטמוטיקײט; אַ מילדע שלוה רוט איצט אױפ׳ן געזיכט און שײַנט ארױס פון די קלוגע אַלץ־װעענדיקע אױגן פונ׳ם אַלטן הערשער.

---

דאָס לעבן איז געװיס ניט קײן קאָמעדיע, אָבער — אױך ניט קײן טראַגעדיע.

דאָס לעבן און די װעלט זײַנען גוט און שײן, אָבער — אױך ערנסט! הגם — און געדײנק עס גוט! — ניט צו ערנסט! . . .

---

אין דעם לױף פון דורות, לאַנגע דורות, איז אַ קאַמף אָנגעגאַנגען אין די בתי-מדרשים:

— אַנערקענען קהלת׳ן, אָדער אים פאַראורטײלן?...

לאַנג איז געװען דער קאַמף, און ערנסט.

צום סוף האָט דער דיכטער געזיגט!

צוזאמען מיט תהלים און איוב איז דאָס בוך קהלת — דער מערקװירדיקסטער מענטשליכער דאָקומענט — אַנערקענט געװאָרן פאַר הײליק.

---

דער זיגנדיקער דיכטער איז דערנאָך געגאַנגען נאָך װײַטער און דערקלערט שיר-השירים אלס קודש קדשים, פאַר דאָס הײליקסטע פון אלעם הײליקן.

---

װען שמואל דוד לוצאַטאָ איז אַלט געװען צװאַנ-ציק יאָר, איז ער ארױס מיט א בײזן אָנפאַל אױף דעם בוך קהלת.

ער האָט עס פאַרדאַמט אַלס שעדליך, פאַרפירעריש און אַנטי-רעליגיעז.

װען שמואל דוד לוצאַטאָ איז מיט פערציק יאָר עלטער געװאָרן, איז ער געקומען און זיך געקלאַפּט אין האַרצן, מודה זײַענדיק זיך, אז פון אומצײלבאַרע ספרים

און ביכער וואָס ער האָט אין זיין לאַנגן לעבן געלייענט און געלערנט, האָט קיין בוך אים אַזוי פיל נוצן ניט געבראַכט ווי דאָס בוך קהלת.

און פאַטעטיש שרייבט ער צו אַ פריינט:

„איך, וואָס האָב אין מיין יוגנט אַזוי באַפאַלן דעם ספר קהלת, בין זיך איצט מודה ומתודה, אַז קהלת איז געוועזן מיין לערער און רבי און האָט מיר געוויזן דעם בעסטן וועג אויף וועלכן איך זאָל גיין.

„ער האָט מיך געלערנט צו זיין אַ שמח בחלקי, צו זיין צופרידן מיט וואָס איך האָב, און פאַרשטיין אַז דער מענטש האָט גאָרניט פון דעם וואָס ער יאָגט זיך און פלאָגט זיך צוליב די הבלי העולם. און אויב ער טוט עטוואָס אומאַנשטענדיקעס, כדי זיך צו פאַרבעסערן, ברענגט עס אים ניט קיין גליק און ניט קיין צופרידנקייט, און אויב ער זאַמלט אפילו אַן בערג מיט גאָלד, העלפט עס אים גאָרניט צו דעם אמת׳ן געניס פון לעבן און צו זיין נשמה-רואיקייט . . .״



**קהלת** אָדער **הבל הבלים**

דער צענטער פונם פּראַכטפולן אייל־בילד פונם פרי־פאַר־
שטאָרבענעם קינסטלער **יצחק אשכנזי**

(געב. 1856, געשט. 1902)

דער אָריגינאַל איז אינם מוזעאום פון
דער קונסט־אַקאַדעמיע אין לענינגראַד.
רעפּראָדוצירט אין גאַנצן און מיט דער
פולער קאָליר־רייכקייט אין דער רוסיש־
אידישער ענציקלאָפּעדיע.

# די רייד

פון

# קהלת בן-דוד

## מלך אין ירושלים

איבערגעגעבן אין יידיש

דורך

**הרב יהודא ליב זלאטניק**

Erst im 70. Jahre versteht man ganz
den ersten Vers des Koheleth.

Schopenhauer.

## א.

ב. נישטיק און נאַריש,
האָט געזאָגט קהלת.

נישטיק און נאַריש,
אַלץ איז נאַריש!

ג. וואָס, מ׳שטיינס-געזאָגט, האָט דער מענטש
פון זיין גאַנצער פּראַצע און האָרעוואַניע,
וואָס ער פּראַצעוועט און האָרעוועט
זיינע גאַנצע פאַר יאָר, נעבּיך?

ד. עס גייט אוועק אַ דור —
און עס קומט א דור,
און די וועלט בּלייבּט אַלץ די זעלבּע.

ה. עס האָט אויפגעשיינט די זון אין מזרח
און זי איז אונטערגעגאַנגען אין מערב;
און וויטער לויפט זי, נאָך אַמאָל צום מזרח,
דאָרט נאָכאַמאָל אויפצושיינען.

ו. דער ווינט לויפט נאָך דרום,
פאַרקערעוועט זיך נאָך צפון,
דרייט זיך און דרייט זיך,
לויפט און לויפט,
לויפט וויטער און דרייט זיך וויטער.

ז. אלע טייכען ציען זיך צום ים,
און דער ים —

ער ווערט קיינמאָל ניט פול.

און די טייכן —
זיי גייען און גייען,
זיי גייען און גייען.

ח. קיין זאַך רוט ניט
אַלץ לויפט, אַלץ אַרבעט!
דאָס מויל קאָן זיך ניט זאַט ריידן,
דאָס אויג קאָן זיך ניט זאַט אָנקוקן,
און די אויערן ווערן ניט פול פון הערן.

ט. דאָס וואָס איז איינמאָל געווען,
דאָס וועט נאָכאַמאָל זיין.
און דאָס וואָס איז איינמאָל געשען,
דאָס וועט נאָכאַמאָל געשען.
ואין כל חדש תחת השמש,
ניטאָ קיין נייעס אונטער דער זון!

י. עס מאכט זיך אמאָל און מען זאָגט:
—אָט איז אַ נייעס!
אָבער אויך דאָס האָט זיך שוין אמאָל פארלאָפן,
אין די אלטע, אוראַלטע צייטן.

י״א. ס׳איז ניט געבליבן קיין זכר פון די ערשטע,
אָבער אויך פון די שפּעטערע
וועט קיין זכר ניט בלייבן
אין די נאָך שפּעטערע צייטן.

י״ב. איך, קהלת, בין געווען אַ מלך
איבער אידן אין ירושלים.

י״ג. און איך האָב זיך אָפּגעגעבן
מיט מיין גאנצן הארצן
אַלץ נאָכצוזוכן, אַלץ נאָכצופאָרשן

כדי צו פארשטיין —
וואָס אַזוינס קומט דאָס פּאָר
אויף אונזער וועלט.

אוי, דאָס נאָכזוכן, דאָס נאָכפּאָרשן,
דאָס וועלן אַלץ פאַרשטיין!
דאָס איז אַ ביטער אַנשיקעניש,
וואָס גאָט האָט אָנגעשיקט אויף דעם מענטשן־
געשלעכט
זיך צו פּלאָגן דערמיט.

י״ד. איך האָב באַטראַכט
אַלץ וואָס ס׳קומט פאָר אונטער דער זון,
און וואָס זע איך —
אַלץ איז נאריש און נישטיק,
אַ יאָגן זיך — נאָך ווינט!

ט״ו. (וועסט די וועלט ניט איבערמאַכן)
וואָס עס איז קרום
וועסטו ניט אויסגלייכן,
און וואָס עס פעלט,
וועסטו ניט גאַנץ מאַכן.

ט״ז. איך האָב זיך איינגערעדט:
איך בין דאָך עפּעס גרויס און דערהויבן
און האָב דאָך עפּעס חכמה,
מער ווי ווער עס איז אַן אַנדערער
וואָס האָט געקיניגט פאַר מיר אין ירושלים.
און איך האָב זיך דאָך עפּעס אָנגעזען
און אָנגעלערנט מיט חכמה און וויסנשאפט,

י״ז. וועל איך זיך אָפּגעבן
צו דערפאָרשן חכמה,
און אין דער זעלבער צייט זיך אויך באַמיען

צו פאַרשטיין אויך לייכטזיניקייט,
לעבנס־לוסט און דעם הפקר־מענטש.

ליידער האָב איך זיך גיך איבערצייגט,
אַז אויך די דאָזיקע באַמיאונג
איז ניט מער ווי אַ קוואַל
פון דערביטערונג און אנטוישונג.

י״ח. יוסיף דעת — יוסיף מכאוב!
מער פאַרשטאַנד — מער ערגערניש,
מער וויסן — מער קרענקעניש.

## ב.

א. מיטאַמאָל בין איך זיך גאָר מיישב:
— לאָמיך פּרובירן אַ הוליע טאָן
און לעבן אַ גוטן טאָג.

ס'האָט מיר אָבער לאַנג ניט גענומען
אויסצוגעפינען,
אַז אויך דאָס איז בלויז נאַריש און נישטיק.

ב. אונזער געלעכטער
איז געמישט מיט טרערן
און אונזער שמחה —
מ'שטיינס געזאָגט . . .

ג. דאַן האָב איך געוואָלט דאָס לעבן אויספּרובירן:
— דו פלייש, נאַ דיר ווייַן,
און דו הארץ — פילאָזאָפיר!
און דערווייל וועל איך מיר לעבן אַ גוטן טאָג
ביז איך וועל אויסגעפינען,
ווי איז בעסער פאַר די מענטשנקינדער,
דורכצושטופּן זייערע פאַר יאָר
אויף דער וועלט.

ד. איך האָב זיך גרויס פאַרנומען:
איך האָב מיר געבויט הייזער,
און געפלאַנצט וויינגערטנער.

ה. איך האָב מיר פאַרשאַפט
פּאַרקען און גערטנער,
און פאַרפלאַנצט אין זיי
בוימער פון אַלערליי פרוכט.

ו. איך האָב מיר אויך סאַדזשעוועס געגראָבן
אָנצוטרינקן א וואַלד מיט בוימער.

ז. כ'האָב מיר אָנגעקויפט קנעכט און דינסטן —
אַ כאַליאַסטרע מיט באַדינער,
משרתים און יוצר משרתים;
סטאַדעס שאָף און סטאַדעס רינדער,
מער ווי װער עס איז פאַר מיר אין ירושלים.

ח. כ'האָב מיר אָנגעזאַמלט גאָלד און זילבער,
קעניגליכע אוצרות און קאָסטבאַרע אַנטיקן;
קאַפּעליעס פון זינגערס און זינגערינס,
פאַרגעניגנס אָן א שיעור
און ווייבער אָן אַ צאָל.

ט. אַלץ ביי מיר איז געווען
אויף א ברייטן פאַרנעם:
וואָס עס האָט זיך נאָר געלאָזן —
אָנגעזאַמלט און אָנגעשאַרט.
מער ווי ווער עס איז פאַר מיר אין ירושלים.

און צו דעם אַלעמען
בין איך דאָך עפּעס
דער חכם, דער פילאָזאָף געווען!

י. וואָס מיינע אויגן האָבן פאַרלאַנגט,
האָב איך זיי ניט אָפּגעזאָגט;
און וואָס מיין הארץ האָט באַגערט,
האָב איך עס ניט געזשאלעוועט.

מיין האַרץ האָט אָנגעקוואָלן
פון דעם גאנצן הו־הא,
און אָט־אָ דאָס איז געווען
דער גאנצער נחת,
וואָס איך האָב געהאט
פון גאָר מיין אַרבייט.

י״א. ענדליך —
ענדליך האָב איך דערוואַכט,
זיך אַרומגעקוקט און באַטראַכט
אַלץ וואָס איך האָב אָנגעארבעט
און אַלץ וואָס איך האָב אָנגעהאוועט —
הבל הבלים —
אַ פוסטער חלום!
נאַריש און נישטיק
דיין לעבן און שטערבן,
מענטש, אונטער דער זון!

י״ב. (און איצט מיט מיינע אַלע ערפאַרונגען)
האָב איך זיך גענומען באַטראַכטן
דעם ווערט פון חכמה,
און דעם ווערט פון לעבנס־לוסט,
און נאַרישער לייכטזיניקייט;
וואָרים וועלכער נאָך מענטש
קאָן נאָכקומען דעם מלך,
אים נאָכטאָן און אויספּרובירן אַלץ
ווי ער?

י״ג. און איך האָב דערזען

אַז סוף כל סוף
קומט חכמה צו לייכטזיניקער נאַרישקייט,
ווי עס קומט טאָג צו נאַכט!

י״ד. החכם עיניו בראשו!
דער חכם האָט זיינע אויגן אין קאָפּ,
דער נאַר אָבער גייט אין דער פינסטער;
הגם איך ווייס גאַנץ גוט,
אַז אויף זיי ביידן
וואַרט דער זעלבער שיקזאַל.

ט״ו. דאָך טיילמאָל באפאלט מיך א געדאנק:
אויב איך מוז איינעמען דעם זעלבן סוף
וואָס דער אומוויסנדיקער נאַר,
טאָ וואָס-זשע האָב איך אזוי פיל
זיך אָנגעחכמעט?

און איך קום צום באשלוס, אַז —
הכל הבל!

ט״ז. ניט פון דעם חכם
און ניט פון דעם נאַר
וועט אויף אייביק א זכר בלייבן.

טעג וועלן קומען,
ווען איינער, ווי דער צווייטער,
וועלן פאַרגעסן ווערן.

און פאַרוואָס זאָל עס אזוי זיין,
אַז דער חכם זאָל שטאַרבן ווי דער נאַר?

י״ז. און איך האָב פיינט באַקומען די וועלט,
ווייל איך קאָן ניט פאַרטראָגן
דעם גאנצן מאָדנעם מיש-מאַש.

ווייל אַלץ איז נאַריש און נישטיק,
און אַ יאָגעניש נאָך ווינט.

י״ח. און איך האָב פיינט באַקומען מיין גאַנצע אַרבעט
וואָס איך אַרבעט אַרום אויף דער וועלט,
כדי דערנאָך איבערצולאָזן מיין פּראַצע
צו איינעם וואָס וועט קומען נאָך מיר.

י״ט. און ווייס איך, צי ער וועט זיין אַ חכם, צי אַ נאַר?
און ער וועט אַרומבאַלעבאַטעווען
מיט מיין פּראַצע און האָרעוואַניע,
וואָס איך האָב אָנגעפּראַצעוועט
און אָנגעחכמעט זיך אויף דער וועלט.

אָבער אויך דאָס איז הבל הבלים!

כ. אַן אַנטוישטער און פאַרצווייפלטער
האָב איך חרטה באַקומען
אויף דער אַרבעט, וואָס איך האָב אָנגעאַרבעט
אויף דער וועלט.

כ״א. אַ מענטש אַרבעט מיט חכמה, וויסן און טאַלאַנט,
און לאָזט עס איבער צו איינעם,
וואָס האָט די האַנט ניט אַריינגעלייגט
אין קיין קאַלט וואַסער אַריין.

נישטיק און נאַריש,
אויך זייער שעדליך.

כ״ב. צי וואָס און צו ווען
האָוועט דער מענטש אַזוי פיל אַרום;
דאַרט זיך און בּרעכט זיך דעם קאָפּ,
די נישטיקע עטלאַכע יאָר
וואָס ער דרייט זיך אַרום אויף דער וועלט?

כ"ג. עסט זיך און קריינקט זיך
גאַנצענע טעג,
שלאָפט ניט קיין נעכט —
ווי נישטיק,
ווי נאַריש!

כ"ד. ניטאָ עפּעס בעסערס פאַרן מענטשן,
ווי עסן און טרינקען און געניסן פון זיין מי.

איך האָב אָבער אויסגעפונען,
אַז דאָס איז אַ באַזונדערע מתנה פון גאָט.

כ"ה. (דאַכט זיך איינפאַך:)
— ווער זאָל עסן,
ווער זאָל הנאה האָבן,
אויב ניט איך?

כ"ו. דאָך —
דעם וואָס אים געפעלט —
גיט גאָט חכמה און פאַרשטאַנד,
צו געניסן און לעבן ווי אַ מענטש
אויף דער וועלט.

דעם זינדיקן אָבער
פאַרדרייט ער דעם קאָפּ,
אַז ער זאָל כל ימיו
רק ראַבעווען און גראַבעווען
און אָנזאַמלען ווייס איך פאַר וועמען...

אָבער —
אויך דאָס איז נאַריש,
אַ יאָגן זיך נאָך ווינט!

## ג.

א. לכל זמן ועת לכל חפץ!
יעדע זאך האָט אַ צייט,
און יעדע געשעעניש — איר טאָג.

ב. פאראַן א צייט צו ווערן געבוירן,
און אַ צייט צו שטאַרבן;
אַ צייט צו פלאַנצן,
און א צייט אויסצערייסן דאָס געפלאַנצטע.

ג. פאַראַן א צייט צו הרג'ענען.
און אַ צייט צו היילן;
א צייט צו ברעכן,
און אַ צייט צו בויען.

ד. פאַראַן אַ צייט צו וויינען,
און אַ צייט צו לאכן;
א צייט צו קלאָגן,
און א צייט צו טאַנצן.

ה. פאראן א צייט פונאנדערצעוואַרפן שטיינער
און אַ צייט צו זאַמלען שטיינער;
א צייט צו האלזן,
און אַ צייט אָפּצושטויסן דעם האַלזער.

ו. פאראן א צייט צו זוכן.
און אַ צייט צו פאַרלירן;
א צייט צו היטן,
און א צייט אוועקצעוואַרפן.

ז. פאַראַן אַ צייט צו צערייסן,
און אַ צייט צו פארנייען;
א צייט צו שווייגן,
און אַ צייט צו ריידן.

ח. פאַראַן אַ צייט צו ליבן,
און אַ צייט פיינט צו האָבן;
אַ צייט פאַר מלחמה,
און אַ צייט פאַר שלום.

ט. וואָס אייגנטליך נוצט עס דעם מענטשן
אַזוי פיל צו צעאַרבעטן אויף דער וועלט?

י. איך האָב באַטראַכט די אַלע געשעפטן
מיט וועלכע גאָט האָט דעם מענטשן
פאַראינטערעסירט,
אַז ער זאָל זיך אַרומפאָרעווען מיט זיי.

י״א. אַלץ איז טאַקע גוט און שיין
אין זיין צייט.
דאָס מענטשן־האַרץ נעמט אָבער אַרום
די גאַנצענע וועלט,
ניט קענענדיק זיך פאַנאַנדערקלייבן
און דערגיין אין גאָטס שאַפונג
ניט קיין אָנהייב און ניט קיין סוף.

י״ב. איך בין איבערצייגט,
אַז דאָס אַלץ וועט אים קיין נחת
ניט פאַרשאַפן.

לאָז דיר וואוילגיין, נאַר —
לעב אַ גוטן טאָג!

י״ג. אַז אַ מענטש זאָל עסן און טרינקען
און האָבן הנאה — געניסן פון זיין אַרבעט —
דאָס איז אַן אמתע מתנה פון גאָט!

י״ד. איך בין דערגאַנגען:
אַלץ וואָס גאָט האָט איינגעאָרדנט,
איז פאַר אייביק־אייביקייטן;

קאָנסטו דערצו ניט צוליגן,
קאָנסטו דערפון ניט אראָפּנעמען.

און גאָט האָט איינמאָל געמאכט,
אַז דער מענטש זאָל אייביק מורא האָבן,
ציטערן פאַר אים.

ט"ו. (עולם וועלט — עולם אייביק!)
דאָס וואָס עס איז געווען,
איז אונז באוואוסט און באַקאַנט,
און אויך אין דער צוקונפט
וועט קיין נייס ניט געשען.
דאָס אַלטע וועט זיך ווייטער איבערחזרן.

גאָט וועט שטענדיק זיין
מיטן פאַרפאָלגטן.

ט"ז. הגם איך האָב אויך דאָס געזען
אויף אונזער וועלט:
במקום המשפט, שם הרשע —
אינם הויז פון משפט,
דאָרט וואוינט גאָר אומרעכט;
און וואו דו דערוואַרטסט יושר,
דאָרט געפינסטו גאָר עוולות.

י"ז. אָבער זאָרג ניט, מיין הארץ!
פאַראַן א גאָט וואָס וועט משפּטן,
ווער געדעכט איז, און ווער אומגערעכט.

יעדע זאך האָט איר צייט,
און יעדע געשעעניש איר טאָג.

י"ח. איך האָב מיר געטראַכט אין מיין הארץ:
אָט ריידן זיך מענטשן איין,

אַז זיי זיינען ס׳אויבערשטע פון שטויסל,
די גאַטס אויסדערוויילטע.
אָבער, ווי גרוים איז די אַנטריסטונג,
זעענדיק, אַז אייגענטליך
זיינען זיי ניט בעסער ווי די בהמות.

י״ט. ווייל דער גורל פונם מענטשן
און דער גורל פון דער בהמה,
איז איין און דערזעלביקער גורל.

ווי עס שטאַרבט איינער,
שטאַרבט אויך דער צווייטער ,
און איין אָטעם באַלעבט זיי ביידן.

טאָ מיט וואָס איז דער מענטש
מער יחסן פון דער בהמה ?

ומותר האדם מן הבהמה אַין !

אלע איינריידענישן פונם מענטשן
זיינען הבל-הבלים, איטל-איטלקייטן !

כ. אַלץ גייט צו איין אָרט !
אַלץ שטאַמט פון דער ערד,
און אלץ וועט צוריק ווערן ערד.

כ״א. און ווער ווייסט עס,
אַז דעם מענטשנס גייסט גייט אַרויף
אויבן, אינדערהויך,
און אַז דער בהמהס גייסט
גייט אַראָפּ אונטן,
אין דער ערד אריין ?

כ״ב. און איך האָב איינגעזען,
אַז עס איז ניטאָ עפּעס בעסערס פאַרן מענטשן,
ווי לעבן און געניסן פון זיין אַרבעט;
ווייל דאָס וואָס ער פאַרלעבט און געניסט,
דאָס ווייסט ער, אַז ס׳איז זיין.
און שפּעטער קען אים קיינער ניט ברענגען
און ווייזן, וואָס ס׳וועט ווערן
מיט זיין פאַרמעגן נאָך אים.

## ד.

א. ווידער האָב איך זיך אַרומגעקוקט
און געזען,
די גוואַלדטאַטן און רויבערייען
וואָס קומען פאָר אויף דער וועלט.
און אָט זיינען די טרערן פון די באַרויבטע,
און קיין טרייסטער פאַר זיי איז ניטאָ.

מאַכט איז מיט די רויבער
און קיין אָנעמער פאַר די באַרויבטע איז ניטאָ!

ב. ושבח אני את המתים שכבר מתו!
איך בין מקנא די טויטע
וואָס זיינען שוין טויט,
מער ווי די לעבעדיקע
וואָס לעבן נאָך.

ג. און נאָך מער בין איך מקנא די יעניגע
וואָס זיינען אינגאַנצן
נאָך ניט געבוירן געוואָרן,
און ניט געזען די בייזעווירטשאַפט
וואָס הערשט אויף דער וועלט.

ד. און ווידער האָב איך געזען,
אַז די גאַנצע אַרבעט פונם מענטשן
און אַלע די קונצן וואָס ער באַווייזט,
שטאַמען מערסטנס פון דער קנאה
און די גרויסע אויגן
וואָס איינער האָט אויפן צווייטן.

נאַריש און נישטיק,
אַ יאָגעניש נאָך ווינט!

ה. דער נאר פאַרלייגט גאָר די הענט,
גייט ארום פוסט-און-פּאַס,
און דערנאָך עסט ער פון זיך ס'פליש.

ו. בעסער אַביסעלע מיט נחת,
איידער גאַנצע בערג
מיט פלאָגעניש און קאָפּ-ברעכעניש.

ז. ווידער האָב איך באַמערקט —
די נאַרישקייט פון דער וועלט.

ח. פאַראַן אַ מענטש, וואָס איז איינער אויף דער
וועלט.
עלנט — קיין קינד, קיין רינד —
ניט קיין זון און ניט קיין ברודער:

און האנדלט און וואנדלט, רייסט איין די וועלט,
און ס'אויג זיינס ווערט ניט זאַט מיט רייכקייט.
און ער פרעגט זיך קיינמאָל ניט:
פאר וועמען ארבעט איך,
און פאַרגין זיך ניט
הנאה צו האָבן פון לעבן?

— נאַריש און אַ ביטערע קרענק!

ט. בעסער זאַלבענאַנד,
אײדער אײנער אַלײן.
אין צװײען טוט זיך מער אויף.

י. װאָרים אויב זײ פאַלן,
העלפט אײנער דעם צװײטן אויפשטײן;
װײ אָבער װען אײנער פאַלט,
און קײן צװײטער אים אויפצושטעלן איז ניטאָ.

י״א. דאָס זעלבע װען צװײ שלאָפן צוזאַמען,
װאַרעמט אײנער דעם צװײטן;
אָבער אײנעם אַלײן, װי קאָן װאַרעם װערן?

י״ב. אויב אײנער באַפאַלט זײ,
קאָנען זײ, אין צװײען זיך אַקעגנשטעלן.

א פשיטא שוין זאַלבעדריט —
החוט המשולש — לא במהרה ינתק!
אַ דרײפאַכע שטריק װעט זיך לײכט ניט אי־
בעררײסן.

י״ג. בעסער יונג און אָרעם, אָבער קלוג,
אײדער א מלך א זקן, נאַר אַ נאַר,
װאָס האָט פון זײן גאַנצער לאַנגער דערפאַרונג
גאָרניט געלערנט.

י״ד. דער ערשטער קאָן אַרויס פון קנעכטשאַפט און
געפאַנגענשאַפט
און דערשלאָגן זיך צו אַ קעניגליכער שטול;
דער צװײטער מעג האָבן געבוירן געװאָרן אין
קעניגליכע פאַלאַצן,
און דאָך זײן עלנט, אומגליקלאַך.

ט״ו. אָבער אויך דעם ערשטנס גליק איז ניט אויף
אייביק;
איך באַטראַכט די מענטשן אויף דער וועלט,
ווי זיי באַגייען זיך מיט זיין זון נאָך אים.

ט״ז. ניטאָ קיין שעור צו די מאַסן,
וואָס ער איז אין זייער שפּיץ —
זייער גרויסער מעכטיקער פירער!
קומט אָבער נאָך אַ צווייטער דור,
און אלץ איז פארגעסן —
אוים שמחה מיט אים און זיין הויז.

אויך טראָנען און דינאסטיעס
הבל הבלים,
אַ יאָגעניש נאָך ווינט!

י״ז. זיי פאַרזיכטיג,
ווען דו גייסט אין גאָטס הויז אריין.
בעסער קום הערן און לערנען,
איידער ברענגען ווי די נאראָנים אַ קרבן.
ווייל ניט נאָר גוטס צו טאָן,
נאָר אַפילו צו זינדיקן,
האָבן זיי קיין שכל ניט.

## ה.

א. איל זיך ניט מיט דיין מויל,
און זאָל דיין הארץ דיך ניט טרייבן
צו ריידן פאר גאָט איבריקע רייד;
דען גאָט איז אין הימל
און דו ביסט אויף דער ערד.
טאָ רייד דעריבער וואָס ווינציקער.

ב. ס'קומט דער חלום
מיט א ים געשעפטן,
און דער נאר —
מיט אַ ים ווערטער.

ג. ווען דו טוסט א נדר,
דאַן וואַרט ניט — באַצאָל!
באצאָל, זיי ניט קיין נאר!

ד. גלייכער באלד ניט צוזאָגן,
איידער צוזאָגן און ניט באַצאָלן.

ה. פארזינדיק ניט דיין לייב דורך דיין מויל.
זאָג ניט דערנאָך, ווען מען קומט דיך מאָנען,
אַז אַ טעות איז פאָרגעקומען.
צו וואָס נאָך מיט דיינע ווערטער דערצאָרענען
גאָט,
אַז ער זאָל דיך דארפן באַשטראָפן?

ו. שרעק זיך ניט פאר חלומות,
איינרעדענישן און אַבערגלויבערייען —
האָב נאָר מורא פאַר גאָט אליין!

ז. ווען דו זעסט אַ לאנד וואָס עקזיסטירט,
הגם דער שוואכער ווערט דאָרט בארויבט,
און ערליכקייט און גערעכטיקייט
ווערן דאָרט געטראָטן מיט די פיס —
וואונדער דיך ניט;
דער וואָס איז העכער פון אַלע הויכע,
וואַכט;
און ווי הויך זיי זאָלן ניט זיין,
זיינען אלץ דאָ העכערע איבער זיי.

ח. ערד־ארבעט איז איבער אלץ;
דער פעלד־אַרבעטער איז העכער פונם קעניג.

ט. ווער ס'האָט ליב געלט,
קאָן ניט זאַט ווערן מיט געלט,
און ווער ס'האָט ליב גרויסע פאַרמעגנס,
וועט אויך קיין נחת דערפון ניט דערלעבן.
ס'איז הבל הבלים, נישטיק און נאַריש.

י. וואָס גרעסער די ווירטשאַפט,
אַלץ מער עסערס;
דער גביר — בעל-הבית — קאָן ניט
אויפעסן אַלץ אַליין!
וואָס מער קען ער געניסן אַ חוץ זען מיט די
אויגן?

י"א. זיס איז דער שלאָף פונם אַרבעטער,
צי ער עסט מער, צי ער עסט ווייניקער:
אָבער דער עושר ,פון איבערזאַטיקייט,
קאָן אַפילו ניט שלאָפן.

י"ב. אַ ביטערע קריינק זע איך אין דער וועלט:
— פאַראַן רייכטום,
וואָס דינט נאָר צום שאָדן פונם אייגנטימער.

י"ג. דאָס רייכטום ווערט פאַרשווינדן
אין שלעכטע געשעפטן,
און אַז ער האָט אַ זון —
איז ער אַ קבצן.

י"ד. נאַקעט איז ער געקומען אויף דער וועלט,
און נאַקעט, ווי געקומען, וועט ער אוועק פון דער
וועלט,
און וועט גאָרניט מיטנעמען מיט זיך.

ט"ו. וואָס פאַר אַ ביטערע קרענק!
נאַקעט, ווי געקומען, וועט ער דאָך אַוועקגיין,

טאַ פאַרוואָס האָרעוועט ער,
און פאַרוואָס יאָגט ער זיך נאָך אַ ווינט?

ט״ז. ער לעבט אָפּ אַ־ין פינסטערניש זיינע יאָרן,
כעס׳ט זיך, און קריינקט זיך און עסט זיך אָפּ
ס׳האַרץ.

י״ז. אָט איז, וואָס איך האָב איינגעזען:
וואָויל איז אים וואָס עסט און טרינקט,
און געניסט פון זיין אַרבעט
די פּאָר יאָר וואָס גאָט שיינקט אים;
ווייל דאָס איז אַלץ וואָס ער קאָן דערגרייכן.

י״ח. דער יעניגער מענטש,
וועמען גאָט האָט געגעבן רייכטום און פאַרמעגן
און אים געמאַכט בעל־הבית איבער דעם,
דערפון צו עסן און צו געניסן
און האָבן נחת פון זיין אַרבעט —
דער איז אַ גאָטס־געבענטשטער.

י״ט. געדיינק, מענטש, אַז ניט אייביק וועסטו לעבן;
געציילט זיינען דיינע טעג!
אָבער גאָט העלפט דיר
פון דיין לעבן צו געניסן.

## ו.

א. איך האָב געזען אַן אָנשיקעניש אויף דער וועלט—
אַ גרויס אָנשיקעניש אויפן מענטשן געשלעכט.

ב. פאַראַן אַ מענטש וואָס גאָט האָט אים געגעבן
אי רייכטום, אי גיטער, אי כבוד;
אַ מענטש וואָס האָט אַלץ וואָס ער ווינטשט זיך
נאָר אליין;

אָבער ער האָט ניט קיין שליטה איבער זיין
פאַרמעגנס,
דערפון צו עסן און געניסן.

און דערנאָך קומט אַ פרעמדער
דאָס צו פאַרנוצן און פאַרשווענדן.

וואָס פאַר אַ נאַרישקייט!
וואָס פאַר אַ שלעכטע קריינק!

ג. איינער זאָל אפילו האָבן הונדערט קינדער
און לעבן לאנגע יאָרן;
און ווי לאנג ער זאָל ניט לעבן —
אויב ער האָט ניט געלעבט ווי א מענטש —
און איז ניט געשטאָרבן ווי א מענטש —
זאָג איך:
אַ נפל'ע איז מער מקנא צו זיין ווי אים.

ד. ער איז געקומען מיט גאָרניט
און האָט אָפּגעלעבט מיט גאָרניט,
און אין פינסטערניש וועט זיין נאָמען פאַרלאָרן
ווערן.

ה. ער האָט ניט געזען קיין זון,
און ניט געוואוסט פון ליכט.
אַ נפל'ע איז גליקלאכער פון אים!

ו. און אז ער זאָל אפילו שוין לעבן א מיליאָן יאָרן,
וואָס קאָן ער דערפון האָבן?
אַז סיי ווי פאַרגינט ער זיך ניט
פון זיי צו געניסן;
און צום זעלבן קבר
וואָס דער אומגליקלאכסטער פון אומגליקלאַכע,
וועט ער דאָך ענדליך מוזן גיין.

ז. אַ מענטש אַרבעט און אַרבעט,
און אַלץ פאַרן מויל,
און דאָס מויל ווערט קיינמאָל ניט פול.

ח. וואָס האָט דען דער חכם מער פון דעם נאַר?
און וואָס פעלט דען אַן ארימאַן,
אויב ער פארשטייט נאָר ווי איינצואָרדנען זיין
לעבען!

ט. בעסער וואָס די אויגן זעען,
איידער די העכסטע פאַנטאַזיעס.

אָבער אויך דאָס איז נישטיק!

י. אַלץ וואָס ס'איז געשען,
איז שוין באַקאַנט און מיט א נאָמען אָפּגע-
שטעמפּלט.
און אדם, מענש! משטיינס געזאָגט,
מען ווייסט דיין קראַפט
און אומזיסט איז דיין ראַנגלען זיך —
ווערסט דיין שיקזאַל ניט איבערמעכטיקן.

י"א. פאַראַן — וואָס אמת — א סך אורזאכן
וואָס ברייַנגען דעם מענטשן
זיך צו יאָגן נאָך נאַרישקייטן.
אָבער וואָס האָט ער דערפון?

י"ב. ווייסט איהר פון אימיצן
וואָס קאָן קומען און זאָגן דעם מענטשן,
וואָס ס'איז גוט פאַר אים
אין די עטליכע פאַר יאָר זיינע?
און וואָס ער, דער שאָטן —
היינט דאָ, מאָרגן דאָרט —
זאָל טאָן אין זיין קורצן לעבן?

קאָן אימיצער קומען און אים זאָגן,

וואָס ס'וועט זיין נאָך אים
אונטער דער זון?

ז.

א. טוב שם משמן טוב;
בעסער א גוטער נאָמען,
איידער די בעסטע פּאַרפיומען,
און דער טאָג פון טויט,
איידער דער טאָג פון געבורט.

ב. טוב ללכת אל בית אבל, מלכת אל בית משתה —
בעסער צו גיין אין הויז פון אן אבל,
איידער צו גיין צו אַ חתונה,

ווייל דאָרט זעסטו דעם סוף כל האדם —
די ענד וואָס וועט קיינעם ניט מיידן.
והחי יתן אל לבו —
און זאָל דער לעבעדיקער זיך עס נעמען צום
האַרצן.

ג. בעסער זאָרג און עגמת-נפש,
איידער געלעכטער און הייטערקייט.
אומעטיק און שלעכט זעט אוים ס'פּנים —
ווייכער און בעסער ווערט דאָס האַרץ.

ד. אינם האַרץ פון חכם לויערט
שטענדיק א טרויער.
דעם נאַרס האַרץ איז אָבער תמיד נאָר דאָרט,
וואו מען טרינקט און מען הוליעט.

ה. בעסער א בייזער פון אַ חכם,
איידער א לויב-געזאַנג פון אַ נאַר.

ו. עס קנאַלט און קנאַקט דער דאָרן אויפן פייער,

עס שאַלט און הילכט דעם נאַרס געלעכטער;
אַך און ווי צו דעם געלעכטער!

ז. דער מעכטיקער
לאַכט און שפּעט פון חכם:
וואָס פאַר אַ ווערט האָט בּיי אים
דאָס צאַרטע, איידל האַרץ?

ח. אָבער עס לאַכט צום בּעסטן
דער. וואָס לאַכט צום לעצטן.

וואַרט געדולדיק און זע
זייער בּיידנס ענד.

בּעסער אַבּיסעלע געדולד,
איידער אַ סך שטאָלץ.

ט. אייל דיך ניט מיט דיין כעס —
עס וואוינט דער כעס אין דער נאַרן־שויס.

י. זאָג ניט:
גוואַלט, וואָס איז פון דער וועלט געוואָרן,
וואו נעמט מען די אלטע גוטע צייטן —
אַמאָל, אַמאָל איז דאָך געווען אַ גאָלדענע וועלט!

ניט פון חכמה בּאַהויפּטסטו דאָס.

י״א. וואויל איז אים, וואָס האָט
אי חכמה, אי פארמעגנס,
אַזאַנער איז אויך אַ בּרכה פאַר אַנדערע.

י״ב. ס׳איז גוט צו זיצן באשיצט אין שאָטן פון חכמה,
און גוט איז צו זיצן בּאשיצט אין שאָטן פון געלט;
אָבער ווי קומט געלט צו וויסן?
חכמה גיט אויך לעבן דעם בּאַזיצער.

י״ג. נעם די וועלט ווי גאָט האָט זי בּאַשאַפן,

ווייל דו וועסט ניט אויסגלייכן
וואָס ער האָט קרום געמאכט.

י״ד. גייט דיר גוט — געניס;
גייט דיר שלעכט — באַגרייף,
אַז ביידע זיינען פון גאָטס האַנט,
און דער מענטש קאָן קיינמאָל ניט וויסן
וואָס דער מאָרגן קאָן אים ברייִנגען.

ט״ו. איך האָב זיך גענוג אָנגעזען
אין מיינע נאַרישע פאַר יאָר.

פאַראַן אַ צדיק, וואָס גייט אונטער
מיט זיין ערליכקייט.
און פאַראַן אַ רשע, וואָס עקזיסטירט
מיט זיין שלעכטקייט.

ט״ז. זיי ניט קיין וצדקתך,
זיי אויך ניט קיין וחכם 1)
פאַרוואָס זאָלסטו אליין זיך איבערפירן!

י״ז. זיי ניט צו שלעכט,
זיי אויך ניט קיין נאַר.
פאַרוואָס זאָלסטו שטאַרבען פאַר דיין צייט?

י״ח. האַלט דאָס איינע,
און באַנוץ זיך אויך מיט דאָס צווייטע.

דער חכם ווייסט אין יעדער זאַך אַ מאָס,
און דער גאָטס-פאָרכטיקער
קומט אַרויס פון אַלעמען אומבאַשעדיקט און
אומבאַפלעקט.

---

1) זיי ניט צופיל צדיק, חכם זיך אויך ניט צופיל.

י״ט. די חכמה איז מער באַשיצונג פאר דעם חכם
איידער צען גבורים אין אַ שטאָט.

כ. הגם —
ניטאָ אַ מענטש אַ צדיק,
וואָס זאָל תמיד טאָן נאָר לויטער גוטס
און קיינמאָל ניט זינדיקן.

כ״א. זאָל דיך ניט אַרן
וואָס מענטשן ריידן.
מאַך דיך ניט הערן,
ווען אפילו דיין אייגענער קנעכט שילט דיך!

כ״ב. ווייסטו דאָך גוט בּיי דיר אין האַרצן,
אַז ניט איינמאָל האָסטו אויך דו
אַנדערע געשאָלטן.

כ״ג. איך האָב דאָס אַלץ אויסגעפּרובירט מיט חכמה.

איך האָב מיר איינגערעט:
איך וועל זיין קלוג!
די חכמה איז אָבער ווייט פון מיר.

כ״ד. ווייט און טיף!
ווייט און טיף!
ווער קאָן עס דערגרייכן,
ווער — דערגרונטעווען!

כ״ה. איך האָב מיך אָפּגעגעבן מיט לייב און זעל,
צו וויסן און צו פאָרשן;
צו זוכן און צו דערגיין אַ חשבון
אין אַלץ וואָס ס׳קומט פאָר אויף דער וועלט.
אויך צו פארשטיין —
די בייזוויליקייט פון נאַרישקייט
און די נארישקייט פון בייזוויליקייט.

כ״ו. און איך געפין —
אַז ביטערער ווי דער טויט איז די פרוי.
א פאַסטקע איז זי —
איר הארץ — א נעץ,
אירע הענט — קייטן!

גאָטס-געליבטער ראַטעוועט זיך פון איר,
און דער זינדיקער פאַלט אריין.

כ״ז. זע וואָס איך בין דערגאַנגען,
האָט געזאָגט קהלת —
איך האָב געציילט איינס ביי איינס,
כדי אויסצוגעפינען דעם חשבון.

כ״ח. כ׳האָב געזוכט, און ניט געפונען!
איין מאן אין טויזנט — קוים געפונען;
אָבער אַ פרוי —
ניט איינע אפילו אין טויזנט!

כ״ט. און נאָך אַ זאַך בין איך דערגאנגען:
גאָט האָט געמאכט דעם מענטשן גלייך.
די צרה איז אָבער וואָס די מענטשן
פילאָזאָפירן און גריבלען זיך
צופיל . . .

## ח.

א. ווער קאָן זיך גלייכען צום חכם,
און ווער, חוץ אים, קאָן זאַכן אויפקלערן?

די חכמה פון אַ מענטשן
שיינט אויף זיין פנים
און מאכט מילדער די שטרייגקייט פון זיין
געזיכט.

ב. איך זאָג דיר אָן און וואָרן דיך:
היט דעם באפעל פון קעניג
און היט דיין שבועה צו גאָט.

ג. רעד דיר ניט איין, אַז קאָנסט אוועק —
קאָנסט פון אים אַנטלויפן.

רעדט ער דיר א בייז וואָרט —
מאַך דיך ניט וויסן, שלינג אראָפּ;
ווייל וואָס ער וויל, קאָן ער מיט דיר טאָן.

ד. עס הערשט און איז מעכטיק
דאָס קעניגליכע וואָרט.
און ווער וועט וואגן זיך אים אַנטקעגנשטעלן?

ה. דער וואָס היט ס׳געזעץ,
דער ווייסט ניט פון קיין בייז;
דער חכם וואַרפט זיך אונטער
דעם באפעל פון טיראנען,
ווייל ער ווייסט,
אַז אויף יעדער זאַך קומט אַ צייט,
און אויף יעדער טאַט איז דאָ אַ משפט.

ו. אויף יעדער זאַך קומט אַ צייט,
און אַ משפט דערוואַרט יעדער טאַט.
דאַך איז דעם מענטשן זייער לייד.

ז. ווייל ער ווייסט ניט וואָס עס וועט זיין;
און ווען עס קומט, איז ער שוין ניטאָ,
און ניטאָ ווער ס׳זאָל אים די נאַכריכט ברייננגען.

ח. דער מענטש איז ניט בעל־הבית
איבער זיין אייגענעם אָטעם,
ער קאָן אים מיט גוואַלט ניט פאַרהאַלטן.

אויס יחסן, אויס גבורה אינם טאָג פון טויט
קיין געווער וועט ניט העלפן
אין דער מלחמה מיטן מלאך המות!

אויך מיט זיין געלט קען דער רשע
זיך ניט אויסקויפן.

ט. דאָס אַלץ האָב איך געזען
און איך האָב זיך גוט פאַרטראַכט
איבער אלץ וואָס געשעט

עס טרעפט גאנץ אָפט,
אז נאָר צו זיין אייגענעם שאָדן
איבט א מענטש אויס מאַכט איבער א צווייטן
אונטער דער זון.

י. כ׳האָב אבער אויך געזען,
רשעים שטאַרבן און ווערן באגראָבן,
און זייערע בנים — רשעים ווי זיי —
קומען און פארנעמען זייער אָרט.

און ס׳טרעפט פארקערט:
ס׳גייען אוועק טייערע, הייליקע נשמות,
און זייער נאָמען, און זייערע מעשים טובים
ווערען גלייך פארגעסען...

וואָס פאַר אַ נאַרישע וועלט!

י״א. דערפאַר וואָס דער וואָס טוט שלעכטס
באַקומט ניט גלייך זיין פסק —
וואַגן מענטשן שלעכטס צו טאָן.

י״ב. ווייל מ׳זעט אַ זינדיקער זינדיקט
הונדערט מאָל,

און קיין בייז באַפאַלט אים ניט.

הגם איך ווייס —
אַז וואויל וועט זיין דעם גאָטספאָרכטיקן,
וואָס פאָרכט גאָט.

י״ג. און דער רשע וועט קיין גוטס ניט האָבן
און לאנג וועט ער ניט אָנטרייבן,
און פארשווינדן וועט ער ווי א שאָטן,
ער, וואָס האָט קיין מורא ניט פאר גאָט.

י״ד. איז אָבער מאָדנע מיט דער וועלט,
וואָס עס טרעפט א צדיק,
וועמען עס דערגייט ווי ס׳פאַסט פאַר אַ רשע;
און פאַראַן ווידער א רשע,
וואָס עס גייט אים —
— הלואי אויף צדיקים געזאגט געוואָרן...

און דערפאר זאָג איך:
נאַריש און נישטיק איז אונזער וועלט!

ט״ו. ניטאָ עפּעס בעסערס ווי דאָס ביסעלע שמחה.

ניטאָ עפּעס בעסערס פאר דעם מענטש אונטער
דער זון,
ווי עסן און טרינקען און זיין אויפגערוימט.

דאָס ביסעלע שמחה זאָל אים באַגלייטן
אין אלע זיינע באמיאונגען,
אין די עטליכע לעבנס-יאָרן
וואָס גאָט שיינקט אים אונטער דער זון.

ט״ז. ווען איך האָב אָפּגעגעבן מיין הארץ
צו שטודירן חכמה און צו דערגיין אַ טאָלק

אין דעם אַלעמען וואָס געשייט אויף דער וועלט —
ניט בייטאָג און ניט ביינאַכט
האָט מיין אומרואיק האַרץ אַ דרעמל געטאָן.

י״ז. איך האָב דורכגעטראַכט אַלע גאָטס מעשים
און איך זע,
אַז אַ מענטש קאָן זיך ניט פאַנאַנדערקלייבן
און באַגרייפן
וואָס עס טוט זיך אונטער דער זון.

ווייל ווי אַ מענטש זאָל זיך ניט מאַטערן
עטוואָס אויסצוגעפינען,
וועט ער אַלץ גאָרניט דערגיין;
און ווען אפילו דער גרעסטער חכם
זאָל זיך פאַרעקשנען עטוואָס צו דערגיין —
וועט ער אויך גאָרניט אויסגעפינען.

## ט.

א. איך האָב דאָס אַלץ דורכגעוואָרפן
און דורכגעטראַכט ביי מיר אין האַרצן,
און איך געפין,
אַז די צדיקים און די חכמים
— ווי דער לעצטער פון זייערע קנעכט —
זיינען אַלע אין גאָטס האַנט.

עס ווייסט ניט דער מענטש,
ניט וואָס ער זאָל ליב האָבן
און ניט וואָס ער זאָל פיינט האָבן.

אין אַ טונקעלער צוקונפט
ליגט אַלץ פאַרהוילן.

ב. אַלץ טרעפֿט אַלעמען גלייך.
איין גורל טרעפֿט דעם צדיק און דעם רשע,
דעם גוטן און ריינעם, ווי דעם אומריינעם;
דעם וואָס ברענגט אַ קרבן,
ווי דעם וואָס ברענגט קיין קרבן.
דעם גוטן ווי דעם זינדיקן —
דעם וואָס שווערט,
ווי דעם וואָס היט זיך פֿון אַ שבועה.

ג. דאָס איז דאָס ערגסטע פֿון אַלץ
וואָס געשייט אונטער דער זון —
דאָס וואָס איין שיקזאַל ערוואַרט אַלעמען;
און דעריבער זיינען פֿול מיט שלעכטס
די מענטשן־הערצער,
ווי לאַנג זיין לעבן — ביז אין טויט אַריין.

ד. ווי לאנג איינער לעבט, האָט ער אַ האָפֿנונג.

בעסער אַ לעבעדיקער הונט,
ווי אַ טויטער לייב.

ה. די לעבעדיקע ווייסן כאָטש אַז זיי וועלן שטאַרבן;
די טויטע ווייסן אָבער לגמרי גאָרניט,
און קיין שום נחת קאָנען זיי שוין מער ניט האָבן,
ווייל אפֿילו זייער אָנדענק איז פֿארגעסן.

ו. זייער ליבשאַפֿט, זייער קנאה, שנאה —
אַלץ איז פֿאַרשוואונדן!
און קיינמאָל וועלן זיי שוין קיין אנטייל האָבן
אין אַלץ וואָס ס׳קומט פֿאָר אונטער דער זון.

ז. גיי עס מיט שמחה דיין ברויט,
און טרינק מיט אַ לייכט־געוויסן דיין וויין.
ציטער ניט —
גאָט איז צופֿרידן מיט דיינע מעשים!

ח. זאָלן שטענדיק דײנע קלײדער זײן װײס,
אוּן זאָל קײן בױמל ניט פעלן אויף דײן קאָפּ.

ט. לעבּ צופרידן מיט דער פרוי װאָס דו ליבּסט,
אין די אונטער דער זון דיר געשאָנקענע נאַרישע
פאָר יאָר.
אוי, די נאַרישע פאָר יאָר!
װײל דאָס איז אַלץ װאָס דו האָסט פון לעבּן,
װאָס דו האָסט פון דײן אַרבּעט,
װאָס דו אַרבּעטסט אונטער דער זון.

י. װאָס דו האָסט נאָר א מעגליכקײט צו טאָן — טו;
װײל ניטאָ מער קײן טעטיקײט און קײן פּלענער,
קײן װיסן און קײן חכמה
אין דער גרוב, װאוהין דו גײסט!

י״א. װידער האָבּ איך זיך ארומגעקוקט
און געזען אויף דער װעלט:

ניט דער געשװינדער געװינט ס׳געיעג,
און ניט דער שטאַרקער — די מלחמה.

לא לחכמים לחם —
ניט די חכמים האָבּן בּרויט
און ניט די קלוגע רײכקײט.
אויך ניט דורך װיסן װערט מען פּאָפּולער.
פון צײט און צופאל הײנגט אַלץ אָפּ.

י״ב. עס װײסט דער מענטש ניט
װען זײן צײט װעט קומען.

װי פיש פאַרפּלאָנטערט אין דער נעץ,
און װי פײגל אײנגעקלעמט אין דער פּאסטקע —

ווי זיי, פלוצים, אומדערוואַרט,
ווערן די מענטשנקינדער געפאַנגען,
אין אַ ביטערער, אומגליקלאַכער שעה
וואָס באַפאַלט זיי אומגעריכט.

י״ג. נאָך אַ זאַך האָב איך באַמערקט
וועגן חכמה אין דער וועלט,
און פאַר מיר איז עס גרוים און וויכטיק.

י״ד. ס׳טרעפט אַ שטאָט וואָס איז קליין
און די באַפעלקערונג ווינציק,
און ס׳קומט אַ גרויסער קעניג אַקעגן איר,
באַלאַגערט זי אַרום,
און בויט וואַלן און שאַנצן קעגן איר.

ט״ו. מאַכט זיך,
און אינם שטעטל געפינט זיך אַ מאַן,
אַ מאַן פּשוט און אָרעם, אָבער קלוג,
און ער ראַטעוועט די שטאָט מיט זיין חכמה.

און ביז איצט —
אָרעם, עלנט, איינזאַם און אומבאַקאַנט
האָט געלעבט דער אָרימאַן, דער חכם!

ט״ז. און איך זאָג:
בעסער הכמה איידער גבורה.
הגם חכמת המסכן בזויה —
די חכמה פון אַן אָרימאַן ווערט גרינגגעשעצט
און מען הערט זיך ניט צו צו זיינע רייד.

י״ז. דער חכם רעדט שטיל,
אָבער זיינע רייד וועט מען סוף-כל-סוף
בעסער הערן,
ווי די בייזע קולות פונם דעמאַגאָג,
וואָס פירט אַרום ביים נאָז די נאַרן.

י״ח. חכמה איז בעסער פון געווער,
אָבער איין איינציקער זינדיקער נאַר
קאָן איבערפירן זייער אַ סך גוטס.

## י.

א. דער טייערסטער בוימל
קאָן זיין געשמאַק אַמאָל פאַרלירן
דורך עטליכע טויטע פליגן.

אַזוי פאַרלירט מען אָפט
שווער דערוואָרבענעם כבוד און רום פאַר חכמה
דורך איין נישטיקער, באַגאַנגענער נאַרישקייט.

ב. דער חכם האָט זיין האַרץ
אויף דער רעכטער זייט.
דער נאַר האָט זיין האַרץ
אויף דער לינקער זייט.

ג. ווען דער נאַר פאָרט אין וועג,
פאַרגעסט ער ס'האַרץ מיטצונעמען;
און ער איז מכריז ומודיע, ברייט און ווייט,
אַז ער איז אַ נאַר.

ד. אויב עס צאָרנט אויף דיר דער מאַכטהאָבער,
פאַרלאָז ניט דיין פּלאַץ.
אַ מילדער, נאָכגעביקער גייסט,
פאַרהיט פון גרויסע פאַרברעכנס.

ה. איך האָב באַמערקט
אַ שלעכטע זאַך אויף דער וועלט.
עס איז ווי אַ פעלער, אַ טעות,
פונם מאַכטהאָבער.

ו. נאַרישקייט געקרוינט, זיצט הויך אויבנאָן,
און בכבודע יחסנים — זיצן אונטן, אין דערנידער.

ז. איך האָב געזען
קנעכט רייטן אויף פערד,
און הארן —
שלעפן זיך צופוס אויף דער ערד ווי קנעכט.

ח. ווער עס גראָבט אַ גרוב,
פאַלט אין איר אליין אריין;
ווער עס ברעכט א צוים,
בייסט אים די דאָרט-באהאלטענע שלאַנג.

ט. ווער עס שלעפט שטיינער,
מאַטערט זיך אָפּ;
און ווער עס האקט אונטער בוימער,
שטעלט זיך אין געפאַר.

י. ווען דאָס אייזן איז טעמפּ,
און די שאַרף איז ניט געשליפן,
דאַן מוזטו כח צולייגן.

ס'איז אָבער ראטזאַמער פון אַלץ
אַביסעלע שכל צו באַנוצן.

י"א. ווען עס בייסט אַ שלאַנג,
דאַן העלפט ניט קיין שפּרוך;
און ניט בעסער פון דער שלאַנג
איז דער מענטש מיט דער בייזער צונג.

י"ב. די רייד פונם חכמס מויל
זיינען א נחת צו הערן;
אָבער דער נאַר ווערט אויפגעגעסן
פון זיין אייגן מויל.

י״ג. ווען ער הייבט אָן ריידן,
שמייכלסטו און נעמסט עס לייכט —
האלטסט זיינע רייד פאר נישטיק, נאַריש;
צום סוף צייגט זיך אָבער אַרויס,
אַז זיינע דרשות
זיינען אויך שעדלאַך און געפערלאַך.

י״ד. דער נאַר —
האלט אין איין מאַכן פלענער פאַר דער צוקונפט.
אָבער ווייסט דען דער מענטש
וואָס עס וועט זיין מאָרגן?
און ווער קאָן אים זאָגן,
וואָס אים דערוואַרט?

ט״ו. די אַרבעט פונם נאַר
מאַכט אים נאַר מיד;
אויפן גלייכן וועג קאָן ער קיינמאָל ניט גיין.

ט״ז. ווי דעם לאַנד,
וואו דער קעניג איז צו יונג,
און די האַרן מאַכן סעודות גלייך אין פרימאָרגן.

י״ז. וואויל דעם לאנד —
וואו דער מלך איז פריי און נאָבל,
און די האַרן עסן אין דער ריכטיקער צייט,
צוליב געזונט, און ניט צוליבן טרונק.

י״ח. דורך פוילקייט טריפט דער דאַך,
און דורך אָפגעלאָזנקייט רעגנט אין הויז אַריין.

י״ט. איינער קאָן געפינען פאַרגעניגן
אין דער שיסל
אַ צווייטער — שמחה אין פלעשל;
אָבער — והכסף יענה את הכל —

ווער ס'האָט געלט, דער האָט די וועלט;
נאָר דער וואָס האָט די מאה,
האָט די דעה.

כ. אין די פאַרבאָרגענישן פון דיין געדאנק,
שילט ניט קיין קעניג;
און אין די באַהאַלטענישן פון דיין שלאָפצימער,
שילט ניט דעם עושר.
כי עוף השמים יוליך את הקול —
ווייל די פייגל אויף די דעכער,
וועלן דערפון זינגען,
און פאַנאַנדערטראָגן דיינע ווערטער.

## י"א.

א. וואַרף דיין ברויט אויפן וואסער —
ס'וועט קומען א צייט,
ווען דו וועסט עס צוריק געפינען.

ב. האָסט געגעבן צו זיבן,
גיב אויך דעם אַכטן.
דו ווייסט ניט, וואָס פאַר אַ שלעכטע צייטן
קאָנען אויך דיך באַפאַלן.

ג. ווען די וואָלקנס האָבן וואסער,
גיסן זיי עס אויס צו באפרוכפערן די ערד.

עס שטייט אַ בוים שטאָלץ און זיכער;
פלוצים קומט אַ ווינט, פון צפון צי פון דרום —
און אויסגעוואָרצלט ליגט דער בוים.

און איינמאָל געפאלן,
וועט דער בוים מער ניט אויפשטיין;

דאָרט וואו ער איז געפאלן,
דאָרט וועט ער בלייבן ליגן.

ד. ווער עס ווארט אויף ווינט,
דער וועט קיינמאָל ניט זייען.
און ווער עס קוקט אין די וואָלקנס,
דער וועט קיינמאָל ניט שניידן.

ה. ווי דו ווייסט ניט ווי ס'קומט א נשמה,
און ס'קומען אריין ביינער
צום קינד אין דער מוטער'ס בויך,
אַזוי קאָנסטו ניט וויסן גאָרנישט
וועגן די ווערק פון גאָט,
דער שאַפער פון אַלעמען.

ו. זיי דיינע זאָמען אינדערפרי,
אויך אין אָוונט פויל זיך ניט ;
ווייל דו ווייסט ניט וועלכע וועלן בעסער געראָטן;
און אפשר וועלן ביידע ברייננגען פרוכט.

ז. זיס איז דאָס ליכט,
און אַנגענעם פאַרן אויג איז צו זען די זון.

ח. ווי לאנג אַ מענטש זאָל ניט לעבן,
זאָל ער זיך באַמיען
אלע זיינע יאָרן פולשטענדיק צו געניסן ;
און ער זאָל געדיינקען —
אַז גענוג, איבער גענוג,
וועט ער האָבן פינסטערע טעג . . .

אַלץ באַשאַפענע איז דאָך ניט מער
ווי אַ בלאָז פון אַ ווינט.

ט. שמח בחור בילדותך —
פריי דיך, בחור, אין דיין יוגנט,

און גענים דיינע יונגע יאָרן.
גיי וואוהין דיין הארץ פירט דיך,
און וואו דיינע אויגן גלוסטן.

אָבער וויים —
אַז אויף אַלץ
וועסטו פאר גאָט'ס מִשפּט
דאַרפן חשבון אָפּגעבן.

י. פאַרטרייב זאָרג פון דיין הארץ,
און ליידן פון דיין לייב.
צו קורץ זיינען
דיינע יוגנט־און פרימאָרגן־יאָרן.
אינגאַנצן נאָר — ווי אַ בלאָז פון ווינט.

## י״ב.

א. און געדיינק דיין באַשעפער
אין דיינע יוגנט־יאָרן.
וואַרט ניט ביז דו וועסט ווערן
אַלט און שוואַך,
און ס'וועלן קומען יאָרן,
אויף וועלכע דו וועסט זאָגן:
— איך שטיי ניט נאָך זיי.

ב. איידער ס'ווערט אויסגעלאָשן די זון,
פינסטער דאָס ליכט, די לבנה און שטערן,
און פאַרכמאַרעט ווערט דער הימל
מיט שווארצע וואסער־אָנגעפילטע וואָלקנס.

ג. ווען די הענט וועלן ציטערן
און טרייסלען וועלן זיך די פיס,
און אין מויל וועט די מיל זיך אָפּשטעלן.

געצײלט זײנען די צײנער
און טונקל די אויגן אין זײערע לעכער.

ד. צוזאמענגעפאלן זײנען די ליפּן
איבערן צײנערלאָזן מויל,
און פארשלאָסן —
ווי די טויערן פון א פאַרוואָרלאָזטער מיל.

ווען דער צוויטער פון א פויגל
וועקט דיך איבער אין דײן שלאָף,
און שטיל מוזן שעפּטשען די טעכטער פון געזאנג;
דו קאָנסט ניט מער פארטראָגן זײערע הילכיקע
שטימען,
און זײערע זיסע טענער
האָבן מער קײן רײץ ניט פאַר דיר.

ה. ס'קלענסטע בערגל ווארפט אָן א מורא —
יעדער וועג איז פול מיט שרעקן,
ביטער זײנען ראָזינקעס און מאַנדלען;

אַ הײשעריק איז אַ משא,
לעבנס־לוסט — פארשוואונדן.

עס גײט אַ מענטש צו זײן אײביקער רוה,
און עס נײען זיך בײטלען די הספּד־מאַכער.

ו. אײדער עס ווערט איבערגעריסן
די זילבערנע קײט
און ס'פאַלט אראָפּ און ווערט צושמעטערט
די גאָלדענע לאָמפּ.

אײדער ס'ווערט די קרוג צובראָכן
בײם קוואל,
און עס שטעלט זיך אָפּ דאָס ראָד —
צושפּאָלטן איבער דעם ברונעם...

ז. און ערד וועט צוריק ווערן ערד,
און די נשמה וועט צוריקגיין
צו גאָט —
פון וואַנען זי איז געקומען.

*   *
*

ח. הבל הבלים,
האָט געזאָגט קהלת,
הכל הבל.

ט. און מער וואָס קהלת איז געווען א חכם,
האָט ער נאָך פאַרשפּרייט וויסן צווישן פאָלק.
ער האָט זיך צוגעהערט צו אַנדערע,
און אויך אליין אַ סך געפאָרשט,
און פאַרפאַסט אַ סך משלים.

י. קהלת האָט געזוכט צו געפינען
ווערטפולע ווערטער,
און וואָס ער האָט אָנגעשריבן, איז אַלץ
ריכטיק וואָר.

י״א. ווי א טרייב-שטעקן פאַר אַן אָקס,
זיינען די רייד פון די חכמים פארן מענטשן.
ווי טיף-איינגעגראָבענע געצעלטן-דרענגער,
זיינען די ווערטער פון די געלערנטע.
פון איין פאסטוך שטאַמען זיי אַלע.

י״ב. וויפיל נאָר מעגלאך —
לערן דיך פון זיי, מיין קינד!
מ׳וואָלט געקענט ביכער אָן אַ שעור אָנשרייבן;
מ׳וואָלט געקאָנט ריידן דעריבער
ביז צום פאַרמאַטערט ווערן.

י״ג. אָבער לאָמיר בקיצור הערן דעם סך הכל:

האָב מורא פאַר גאָט,
און היט זיין געבאָט!
דאָס איז אלץ.
מענטש, אָ, מענטש!

י״ד. אַ געטלאַכער משפּט איז פאַראַנען
איבער יעדער טאַט;
אויך איבער פאַרבאָרגענע מעשים,
סיי גוטע, סיי שלעכטע.

* *
*

ווילסטו הערן בקיצור דעם סך-הכל?
האָב מורא פאר גאָט,
און היט זיין געבאָט!
דאָס איז אלץ.
מענטש, אָ, מענטש!




„עס גייט א מענטש צו זיין אייביקער רוה...‟

*
* *

די רייד פון קהלת זיינען איבערגעגעבן געוואָרן ניט וואָרט־פאַר־וואָרט, נאָר פסוק־ביי־פסוק.

דאָס איז געטאָן געוואָרן כדי דער לעזער זאָל קאָנען דורכלייענען דאָס בוך און עס פארשטיין, אָן דער הילף פון פירושים, קאָמענטארן און אָנמערקונגען.

די פירושים קאָנען אמאָל פאַראינטערעסירן דעם, וואָס וויל דעם ספר דורכשטודירן. זיי מוזן אָבער שטערן דעם לעזער.

דער ייד וואָס וויל לערנען קהלת, האָט, ווי איך האָף, אַ צוטריט צום אָריגינאַל. און לערנען קאָן מען מיט מער נוצען און פארגעניגן אָן אָריגינאַל, איידער אָן איבערזעצונג, מעג עס זיין די טרייסטע, געטריסטע און געלונגענסטע.

די איבערזעצונג איז געמאכט געוואָרן פאַר דעם לעזער — צי ער קאָן דעם אָריגינאַל, צי ער קען אים ניט — וואָס וויל אומאונטערבראָכן, און פארגעסענדיק די אַלע טייטשן, שאַרפע ווערטלאך און השערות, וואָס האָבן זיך ארומגעקלעפּט אַרום דעם אָריגינאַל, דורכלייענען דאָס מערקווירדיקע בוך און קאָנען מיטפילן מיט דעם מחבר און מיט אים מיטגעריסן ווערן.

דאָס איטאַליעניש שפּריכוואָרט זאָגט:

**Traduttori, traditori.**

ד. ה. אַז די איבערזעצערס זענען פאַררעטער. איך גלויב, אָבער, אַז מער אמת וועט שטעקן אין מיין פאַריידישטער פאָרם פון דעם דאָזיקן שפּריכוואָרט: „איבערזעצער זיינען אָנזעצער”; ווייל ניט פון בייזווילן, נאָר פון אוממעגלעכקייט, ליידט יעדע איבערזעצונג.

מ׳קאָן ניט די זעלבע זאַך זאָגן אין פארשידענע שפּראכן, און אָנהאלטן דעם זעלבן קלאַנג און קאָליר, אין

די אייגענע שטאַרקייט און שיינקייט. נאָכמער, יעדער אָריגינאַל פאַרטראָגט פיל פירושים, וואָס גאַנץ אָפט זיינען זיי אַלע אמת. עס איז אָבער אוממעגלעך, אַז אויך די איבערזעצונג זאָל אַנטהאַלטן אין זיך אַט די אַלע ביי־כּוונות.

דער איבערזעצער מוז דעריבער, ווילנדיק־ניט־ווילנדיק, זיין אַ מפרש, און אויסקלייבן דעם פשט וואָס אים געפעלט און אים אַרויפצווינגען אויפן לעזער.

קורצער געזאָגט:

מ׳קאָן אפשר איבערזעצן די שוואַרצע אותיות, — דאָס ווייסע פון צווישען די אותיות קאָן מען בשום אופן ניט איבערזעצן.

ביי גרויסע שרייבער, איבערהויפט דיכטער, ליגט אָבער צווישן די אותיות מער ווי אין די אותיות.

פון די אומצייליבאַרע פירושים, וואָס יידן און גויים האָבן אָנגעשריבן אויף קהלת, איז אויסגעקליבן געוואָרן דאָס, וואָס דער איבערגעבער האָט געגלויבט צו זיין צום ריכטיקסטן, פשוטסטן און מער צוגעפּאַסט צום גע־דאַנקנגאַנג פונם מחבר, ווי אויך צום גייסט וואָס שוועבט איבערן גאַנצן בוך.

ווי ווייט מעגלאַך, איז אַ פשוטער, אידיאָמאַטישער און ניט־געקינסטלטער יידיש באַנוצט געוואָרן. עס איז ניט געווען קיין פאַרלאַנג אַריינצופירן תנ״ך־אויס־דרוקן און תנ״ך־רעדענסאַרטן אין דער איבערזעצונג. פאַרקערט, דער איבערזעצער האָט זיך באַמיט אויס־צוהיטן דערפון, ווייל יידן האָבן אין פאַרלויף פון הונדערטער און הונדערטער יאָרן געהאַלטן אין איין פאַרטייטשן תנ״ך וואָרט־פאַר־וואָרט און זאַץ־פאַר־זאַץ אין יידיש, און אויב אַ תנ״ך־אויסדרוק אָדער רעדנסאַרט האָט זיך ביז איצט ניט אַריינגעפּאַסט אין יידיש דאַרף מען עס מיט גוואַלד ניט אַרויפצווינגען. וואו מעגליך זע־נען אבער געגעבן געוואָרן די העברייאישע פראַזעס פון קהלת, וואָס זיינען געוואָרן אַ חלק פון דער יידישער פראַזעאָלאָגיע ככתבם וכלשונם.

*
*  *

אַן אויסערגעוויינטלאך רייכע ליטעראַטור האָט זיך געשאַפן ארום דעם בוך קהלת.

עס שטייט ווי א פראַזאאיצירנדיקע ארויספאָדערונג צו דעם שאַרפזין און זשעני פון פאָרשער און געלערנטן.

עס איז א פעלז אין וועלכן פיל שאַרפע קעפּ זיינען שוין צעשפּאָלטן געוואָרן.

די טראַדיציע האָט זיך געהאלטן בײַ די אָנווייזונגען פונ׳ם בוך זעלבסט, אז עס איז דאָס ווערק פון שלמה המלך.

די ביבל־קריטיקער האָבן אָפּגעוואָרפן די טראַדי־ציע, און זיי זיינען געבליבן ווי א שיף וועלכע האָט זיך אָפּגעריסן פונ׳ם אַנקער און איז אָנגעוויזן אויפ׳ן קאַפּריז פון ווינטן און כוואַליעס, וואָס שלעפּן זי און טרייבן זי דאָ אהין, דאָ אַהער.

פיל טעאָריעס זיינען אויפגעבויט געוואָרן ארום דעם מחבר, זיין צייט און וואוינונגס־אָרט: ארום דעם בוך, זיין ציל, גייסט און קוואַלן פון וועלכע עס איז געשעפּט געוואָרן. דאָס זעלבע אויך ארום דעם סטיל, ווערטער־שאַץ און זאַצבוי.

די צייט פון מחבר ווערט דורך פארשידענע שריי־בער באשטימט אין פארשידענע עפּאָכן.

די צייט וואקלט זיך בײַ זיי פון זרובבל׳ס ביז הורדוס׳עס טעג.

זיין וואוינאָרט ווערט בײַ אייניקע אָנגעגעבן אין ארץ ישראל. א טייל באַזעצן אים אין ירושלים, אנדערע אין דער פּראָווינץ, אייניקע אין יהודה, אנדערע אין גליל. איינער פארשיקט אים נאָך אנטיוכא; אנדערע פאר־שלעפּן אים נאָך מצרים, און באַזעצן אים אין אלעק־סאַנדריע, הגם עס מוז זיין אויסטערליש אַז אַ מענטש,

וואס זאל האָבן געוואוינט אין מצרים, זאל האָבן אזוי אָפּט געדעט וועגן רעגן און וואָלקנס. (קהלת י״א 3. י״ב, 2).

עס איז אָבער שוין אן אמת׳ר אונזין צו גלויבן דאָס אין מצרים איז געשריבן געוואָרן א בוך אין וועלכן עס שטייט: „רואה בעבים לא יקצור״—וועך ס׳קוקט אין די וואָלקנס וועט ניט שניידן. (קהלת, י״א 3. י״ב, 2).

טייל שטעלן זיך אָפּ אויף די שפורן פון אַראַמישן איינפלוס אויף דער שפּראַך, אנדערע באווייזן אז די השפעה פון גריכיש איז פול אויף טריט און שריט.

טייל האַלטן, אז דאָס בוך מוז געהערן צו דעם פעריאָד פון פערסישער הערשאַפט, און אנדערע, אז עס מוז געהערן צו דער צייט פון דעם גריכישן איינ־פלוס.

איינער געפינט פארגלייכענישן אין עגיפּטישע טויט־לידער; א צווייטער גאָר אינ׳ם גילגאמיש־עפּאָס.

און יעדער ברייננט באווייזן איבער באווייזן, אז נאָר ער איז גערעכט, און אלע אנדערע זיינען אומגע־רעכט.

קומט ר׳ נחמן קראָכמאל און זאָגט: שאין בו לא דבר ולא חצי דבר מחכמת היונים״, קומט גרעץ און גע־פינט מאָסן גרעקאציזמען אין דעם ווערטער־אוצר פון קהלת. קומען Tyler און אנדערע, און באווייזן אויף טריט און שריט דעם איינפלוס פון גריכיש־רוי־מישע דיכטער און פילאָזאָפן. אזוי אז Plumptre שרייבט:

"It is throughout absolutely saturat ed with Greek thought and language."

קומט דערנאָך CHEYNE און נאָך א לאַנגער הקירה ודרישה פירט ער אויס, אז הגם ער וואָלט עס גערן געוואָלט האָבן, מוז ער דאָך מודה זיין:

"There are no Graecisms in the language of the book"

דערנאָך באווייזט ער אז אויך די כלומרשטע השפעה פון די גריכיש־רוימישע פילאָזאָפן איז ניט מער ווי א חלום און איינרעדעניש.

צום זעלבן באשלוס קומט אויך Haupt אין זיין בוך איבער קהלת, וואו ער פירט אוים:

"The alleged Grecisms are imaginary."

דאָס איז אויך דער באשלוס פון רענאַן.

קומט שד"ל און באַווייזט, אז קהלת איז דער היפך פון משלי, קומט דוד כהנא אין פרידלאַנדער און באַווייזן אז קהלת און משלי טרעפן זיך כסדר אין זייערע באַהויפּטונגען.

און אזוי צושטערט איין שול וואָס די אנדערע האָט אויפגעבויט מיט גרוים מי און כחות.

עס וואָלט לייכט געווען צו מאַכן חוזק און זיך אמוזירן, זעענדיק ווי מענטשן מיט פארבונדענע אויגן טאַפּן אין דער פינסטער, זוכנדיק א וועג, — זעענדיק ווי גרויסע מענטשן בויען קאָרטן־הייזלאך און שטאָלצירן אז זיי האָבן אויסגעבויט פּאַלאַצן.

דאָך, גלויב איך אז מיר מוזן אומבאַדינגט אכטן דעם אוצר פון וויסן, די אומבאַגרייפלעכע מאָס פון פּליים און ארבעט, און דעם געוואַלטיקן ערנסט, וואָס די געלערנטע האָבן אין זייערע פארשונגען אריינגעלייגט.

דער ווערט פון דעם אלעמען, קאָן אבער דאָך ניט זיין מער ווי דער ווערט פון'ם אמאָליקן פּלפּול.

וויסן, שאַרפזין און ארבעטס־לוסטיקייט! אבער — שפּינוועבס... מיט וויסענשאַפט האָט עס גאָר ניט צו טאָן, ווייל עס איז געבויט נאָר אויף חריפות, פאַנטאַזיעס און גייסטיקע קונצן־מאַכעריי.

און פונדעסטוועגן, דער געדאַנק אז אָט אָט קומט א נייער סערוואַנטעס וואָס ווישט אָפּ מיט איין מאַך פון זיין האַנט דעם גאַנצן דאָן־קיכאָטיזם, פון די מאָדערנע וויסנשאַפטס־ריטער, רופט דאָך ארוים באַדויערן און האַרץ־קלעמעניש. ווייל מ'מוז דאָך באַוואונדערן די ריזיקע ארבעטן פון אזויפיל גוט־מיינענדיקע און פלייסיקע ארבעטער אויפ'ן פעלד פון פאָרשונג און וויסן. מיר מוזן קאָנען אָפּשאַצן זייערע באַמיאונגען און אָנשטרענגונגען, ווייל מיר שטייען פאַר א סך רעטענישן,

און יעדער וויל דערגרייכן דעם אמת, אויסגעפינען דעם באהאלטענעם סוד.

מיר מוזן אבער פארשטיין אז מיט פשט׳לעך וועט מען גארנישט קלאר מאכן.

די אורזאך פון די אלע רעטענישן איז, וואס מיר האבן ניט גענוג דאקומענטן, פון דער לאנגער תנ״ך — עפאכע, און דעריבער בלייבט אונז צופיל טונקל און אומפארשטענדליך.

דער תשבי, וואס וועט אונזערע אלע ספקות קלאר מאכן, וועט אבער ניט זיין א געלערנטער אין זיין שטו־דיר־צימער, נאר אן ארכעאלאג, אויב ער וועט מיט זיין גראב־אייזן האבן אין ארץ־ישראל דעם זעלבן דערפאלג וואס זיינע פארגענגער האבן געהאט אין מצרים, אשור, און בבל.

וועט אזא איינער אמאל קומען?

אויף דעם וועט ענטפערן די צוקונפט.

דערווייל איז די טראדיציע מער פארטרויענסווערט, ווי וועלכער עס איז שארפער איינפאל פון א געלערנטן.

איבערהויפט אז ביז איצט האבן אלע ארכעאלאגי־שע אנטדעקונגען באשטעטיקט די באהויפטונגען פון די תנ״ך־ביכער און דעם טראדיציאנעלן אנבליק. עס איז באזונדערס איצט מער קיין ספק ניט, אז שריפט און קולטור האבן געהערשט אין די תנ״ך לענדער טויזנטער יארן פריער ווי מ׳וואלט אמאל געקאנט גלויבן.

דאס אפליינגען און אפשטופן די תנ״ך שאפונגען ביז אזוי שפעט ווי מעגלאך ,איז איצט אן אבסורד, פון וועלכן די געלערנטע וועלט מוז זיך — און דאס וואס פריער — באפרייען.

נאך די אנטדעקונגען פונם שטיין פון מישע מלך מואב, די אויפשריפט פון יחזקיהו מלך יהודה, האמוראבים געזעצן און די קאלאסאלע זאמלונגען אין מצרים און בבל, האט קיין זין ניט מער צו גלויבן, אז די גרויסע תנ״ך ספרים זאלן האבן געשריבן געווארן אין דער תקופה פון ירידה און אינם האלבן שאטן פון

דער עפּאָכע פונם בית שני, און ניט אין דער צייט פון ישראלס גלאַנץ און מעכטיקייט זיין יוגנט און פרימאָרגן יאָרן *).

ס'איז פשוט אומבאַגרייפלאך, ווי אזוי מ'קאָן אָנ־נעמען, אַז אָן אַ קאָלאָסאַלער קאַטאַסטראָפע, וואָס האָט אויסגעריסן דאָס אַלטע מיט די וואָרצלען, זאָל מען האָבן איבערגעגאַנגען פון שאַפונגען ווי די תנ"ך־ביכער צו דער אַפּאָקריפן־ליטעראַטור 1). מערקווירדיג איז אויך די איינגעגעסענע טענדענץ אַוועקצורויבן די גרויסע תנ"ך שאַפונגען פון היסטאָריש־באַרימטע מענער, כדי זיי צו צושרייבן צו אומבאַקאַנטע און אומבאַוואוסטע מענטשן פון „שאָטנלאַנד".

אנדערע האָבן אָבער געוואגט אַפילו נעמען פאָרצושלאָגן. איינער רופט אָן שמעון בן שטח (ווען דאָס השמונאים הויז גייט שוין באַרג־אראָפּ 2). א צווייטער רופט אָן איינעם פון די בני־טוביה (נאָך פאַר דער מאַקאַבייער־עפּאָכע).

צו אילוסטרירן ווי ווייט מענטשן קאָנען זיין משוגע ווען עס ווילט זיך זיי מחדש זיין אַ נייע טעאָריע, וויל איך דאָ ברענגען די טעאָריע פון נ. ליעבשוטץ אין מע־טהאָדיסט קוואַרטערלי רעוויו, אָקטאָבער 1920, אין זיין ארטיקל: "The Cynic in the Bible."

ער וויל ניט אַנדערש, נאָר אַז קהלת איז טאַקי גאָר דער באַרימטער צדוק, דער פאָטער פון אַלע צדוקים,

---

*) זעה תולדות בקורת המקרא, מ סולוביטשיק וז. רובשוב, ז. 103: היסוד של כל השיטה המאחרת את ראשית התהוותה של היצירה העברית התמוטט (ע"י החפירות במצרים ובבבל.)

1) רענאַן שרייבט: זאָל ווער עס איז פאַרגלייכן דעם ערליכן טוביה מיט איובן, ביידע געשטראָפט אומזיסט און אומ־נישט — וואס פאר א וועלט ליגט צווישן זיי ביידן!

2) דערצו איז שמעון בן שטח דער אָנפירער פון די פרושים. ווען אזוי פיל קריטיקער זעען אין קהלת א בוך פון א צדוקי.

בכבודו ובעצמו. און אָט איז דער „באַוויז״: דער נאָמען ק ה ל ת באַשטייט פון פיר אותיות, און דאָס זעלבע אויך דער נאָמען צ ד ו ק. נאָך דעם אות צדי״ק פאָלגט נאָך אין העברייאיש דאָס אות קו״ף, און נאָך דעם דלי״ת קומט אַ ה״א. אָט ווייסען מיר שוין פאַר־וואָס די צוויי ערשטע אותיות פון צ ד ו ק זיינען פאַר־טוישט געוואָרן פאַר די ערשטע צוויי אותיות פון קהלת. דאָס איז אָבער גאַנץ פשוט, די חריפות קומט ערשט: ווען דו ציילסט אָפּ פינף אותיות נאָך דעם וא״ו (דאָס דריטע אות אין צדוק), און רעכענסט דעם וא״ו ניט אריין, דאַן האָסטו אַ למ״ד. אויב דו רעכענסט דעם למ״ד אויך ניט אריין. וא״ו באַטרעפט זעקס, און פינף מאָל זעקס — ווייסט דאָך אַפילו אַ קינד אין חדר — באַטרעפט דרייסיק. אַלזאָ האָבען מיר אַ למ״ד, וואָס באַטרעפט אויך דרייסיק, אינ׳ם וואָרט קהלת אַנשטאַט וא״ו אין צדוק.

ווען דו ציילסט אָפּ פונ׳ם קוף, וואס איז דאָס לעצטע אות אין צדוק, פיר אותיות, דאַן דערגרייכסטו דעם תי״ו, אויב דו רעכענסט אריין אין דעם אי דעם קו״ף אי דעם תי״ו.

קו״ף איז הונדערט, פיר מאָל הונדערט — איז תי״ו, אויך פיר הונדערט. אַלזאָ ווייסן מיר שוין ווי אזוי פונם קו״ף פון צדוק איז געוואָרן אַ תי״ו אין קהלת.
דער מחבר גיט אַפילו צו:

"A little whimsical, eh! Yes, but it was enough for the contemporaries to recognize the true author."

אין אמתן האָט עס געמוזט נעמען אַ קנאַפּע דריי טויזנט יאָר ביז עס איז געבוירן געוואָרן אַזאַ חכם עתיק צו מאַכען אַזאַ גוואלדיגע אַנטדעקונג.

לאָגיק און מענטשליכער שכל, שפּילן דאָ ניט קיין ראָל,אבי א נייע טעאָריע, אבי דעמאָנסטרירן אז מ׳קאָן

האָבן די דרייסטקייט צו קומען מיט חלומות, פאַנטאַ־זיעס פון פינגער אויסגעזויגענע, און וואָס מ׳ווייסט אַז זיי וועלן קיינמאָל ניט קאָנען באַשטעטיקט ווערן, און זיי וועלן ארויפצווינגען אויף אומשולדיקע גלויבנדיקע מאַסן אַלס וויסנשאַפט.

פאַראַן וויסנשאַפט און „וויסנשאַפט". ווען איי־נער שאַפט אַ נייע טעאָריע וועגן עראָפּלאַנען, מוז ער זיין טעאָריע דעמאָנסטרירן, און ווייזן אַז זי שטימט מיט דער ווירקלאַכקייט. און אויב זיין טעאָריע איז פאַלש, באַצאָלט ער גאַנץ אָפט מיט זיין לעבן.

אַנדערש איז עס אין דער וועלט פון ביבל־וויסנ־שאַפט. וואָס פאַלשער אַ טעאָריע איז, וואָס ווינציקער זי קאָן נאָכגעקאָנטראָלירט ווערן, און מיט פאקטן ווערן באַשטעטיקט, אַלץ העכער און אַלץ ווייטער קאָן מען מיט איר פליען.

עס מוז אויך צוגעגעבן ווערן, אַז ביי דער גאַנצער אַכטונג צו די פאָרשטייער פון די קריטישע שולן, איז טיילמאָל שווער צו גלויבן, אַז זיי האָבן ווירקלאַך גע־מיינט וואָס זיי זאָגן, און אַז זיי האָבן ניט בכוונה גע־וואָלט נאַרן זיך און אַנדערע.

אָט צום ביישפּיל, זיי שטעלן זיך אָפּ אויף די ווערטער „הייתי מלך על ישראל בירושלים", צו ווייזן, אַז דער שרייבער האָט געמוזט לעבן אין אַ שפּעטער־דיקער צייט, ווייל ער האָט געוואוסט פון אידישע מלכים וואָס האָבן געקיניגט ניט אין ירושלים.

וואָס פאַר אַ באַווייז דאָס קאָן זיין, איז מיר באמת שווער תופס צו זיין.

שוין פאַר שלמהן איז שאול געווען קעניג ניט אין ירושלים. און דוד איז אויך פאַר אַ צייט געווען מלך גאָר אין חברון. און דאַן, ווער ס׳ווייסט עפּעס אין אלטע נוסחאות, ווייסט אַז אַזוי איז געווען דער לשון.

אין ספר „מלכים", נאָכדעם ווי אין לאַנגע קאַפּיט־לאַך ווערט דערציילט וועגן שלמהס מלוכה, ווערט פאַר־שריבן:

„והימים אשר מלך שלמה בירושלים על כל ישראל ארבעים שנה". (מלכים א', י"א, 42)

אויף דעם פסוק קאָן מען אויך פרעגן נארישע קשיות, אויב מען פארשטייט ניט דעם אַלטן סטיל:

וואָס דערציילט דער פסוק נאָכאמאָל אַז שלמה האָט געקיניגט אין ירושלים און איבער אלע יידן—ווייסן מיר עס דען נאָך ניט?

אין אמתן קאָן מען דרינגען, אַז ווייל אין קהלת זאָגט זיך ניט: הייתי מלך על כל ישראל בירושלים, ווי עס שטייט אין מלכים, איז א באוויז, אז מ'האָט דאן נאָך ניט געוואוסט אז ס'וועלן זיין מלכים אין ירושלים, וואָס וועלן קיניגן נאָר אויף א טייל פונם פאָלק.

זיי פרעגן אויך אויף די ווערטער: „מכל שהיו לפני על ירושלים". אויב ס'איז שלמה, ווי קאָן ער אזוי זאָגן, אז בסך הכל איז פאר אים נאָר איין דוד געווען א מלך אין ירושלים?

און מען מאַכט זיך כלא־ידע, אַז ירושלים איז געווען אַן אַלטע קעניגליכע שטאָדט.

און אפילו אויב מלכי־צדק מלך שלם זאָל ניט האָבן געווען מלך אין ירושלים, ווערט שוין אין יהושועס צייטן דערמאָנט דער מלך־ירושלים.

און פון די תל־אמרנא בריף וואָס מ'האָט געפונען, ווייס מען אויף זיכער אַז שוין פאַר יהושע'ס צייטן איז ירושלים געווען א קעניגליכע שטאָט, ווייל מיר האָבן די בריף פון איינעם פון די דאָזיקע מלכים גע־שריבן צום קעניג פון מצרים.

אַזעלכע ראיות זייערע שטעלן שוין ניט אונטער אַ פראַגע זייער קאָמפעטענץ און וויסן אליין, נאָר פשוט אויף די ערלאַבקייט מיט וועלכער זיי טוען זייער אַר־בעט.

אָט איז ווי כריסטיאַן ד. גינצבורג, אַ מענטש וואָס האָט געציילט די אותיות פון תנ"ך, שטעלט די פראַגע

אין זיין ארטיקל איבער קהלת אין קיטאָ'ס „ביבלישע ציקלאָפּעדיא'':

Coheleth compares himself with a long succession of kings who reigned over Israel in Jerusalem (I, 16, II, 7)

ווען מיר קוקן אָבער נאָך די פּסוקים אין תנ"ך געפינען מיר, אַז דאָס וואָרט „קינינגן'' ווערט לגמרי ניט דערמאָנט אין די אָנגעגעבענע פּסוקים.

אין ערשטן פּסוק שטייט: „מכל אשר היה לפני על ירושלים'', וואו יעדער מאכט־האָבער קאָן זיין אין כלל.

אין די פּסוקים 7 און 9 פון צווייטן קאפּיטל שטייט שוין נאָך ווינציקער: מכל שהיה (אָדער, שהיו) לפני בירושלים, דאָ קאָן שוין יעדער מענטש זיין אין כלל.

אַז ער רעדט ניט וועגן אַ לאַנגער קייט פון מלכים וואָס האָבן רעגירט איבער ישראל אין ירושלים, דאָס זעט אַ בלינדער אויך. 1)

ווי וואָלט די וועלט אויסזען, ווען אין אנדערע וויסנשאַפטן וואָלט מען אויך געאַרבעט מיט אַזאַ „גענויקייט''?

פון דעם גאנצן לאַנגן זאַץ זיינען נאָר די לעצטע צוויי ווערטער — אין ירושלים — אמת. ווייטער איז אַלץ פּשוט אויסגעטראכט.

היאומן כי יסופר?

---

1) אינטערעסאנט איז אַז אין דער פּשיטא (סירישער איבערזעצונג) געפינט זיך אויך אין א. 16 ניט על ירושלים, נאָר — בירושלים, און אין זיין מסורה־אויסגאַבע פון תנ"ך, ברענגט גינצבורג אליין דאָס אין פיל ספרים און מאנוסקריפּטן איז דער נוסח בירושלים, און פונדעסטוועגן באַמיט ער זיך אין זיין גרויס בוך איבער קהלת צו שטאַרקן זיין באַהויפּטונג דאָס קהלת פאַרגלייכט זיך מיט אַ גרויסער ריי פון אידישע מלכים וואָס האָבן פאַר אים געקיניגט אין ירושלים.

* * *

ווי געזאגט, ווילן די מערסטע קריטיקער ניט פאר־גינען שלמהן דאָס בוך קהלת, הגם זיי קאָנען ניט גע־פינען [illegible] צייט אין וועלכער דאָס בוך זאָל זיך קאָנען ארייגפאסן לכל הדעות.

דאָס אליין וואָלט שוין גענוג געווען אז דערווייל — ביז א פארשטענדיקונג וועט דערגרייכט ווערן צווישן די קריטיקער — זאָלן מיר זיך האלטן ביים טראדיציאָ־נעלן שטאַנדפונקט, און אָננעמען שלמה המלך פאר דעם מחבר. פארלויפיק האָט ער אויפן בוך א חזקה וואָס איז אלט — טויזנטער יאָרן!

אָבער נאָך מער — זיין חזקה איז דאָס, וואס ווערט אָנגערופן אין דער תלמודישער געזעצגעבונג א „חזקה שיש עמה טענה,״ ווייל עס איז דאָ פיל צו טענהן און פיל ראיות צו ברייננען, אז שלמה, און טאַקי נאָר ער, איז דער מחבר פון קהלת.

דר. מ. פרידלענדער איז ארויסגעטראָטן אין Jewish Quarterly Review (V. I. 1888-9, London).
צו באווייזן אז שלמה איז דער מחבר פון קהלת, (זע אויך פראָפ. Tayler Lewis אויף קהלת און דוד כהנא, אין הכרמל תרל״ט).

פרידלענדער האָט אָבער ווייט ניט אויסגענוצט דעם מאַטעריאל וואָס איז אויף זיין זייט. צום ביישפיל: די בא־ווייזן, אַז קהלת איז שפראַכליך און אינהאלטליך נאָענט צו אנדערע ביכער און דאָקומענטן, וואָס ווערן דורך דער מסורה צו געשריבן צו שלמהן.

אָט האָבן כהנא און יעב״ץ שוין אָנגעוויזן, אַז אין דער תפלה פון שלמהן ביים באנייען דעם בית־המקדש, איז דאָ א פסוק „כי אין אדם אשר לא יחטא״ (מלכים

א׳, ח. 46) ענליך צום פסוק אין קהלת: „כי אדם אין צדיק בארץ אשר יעשה טוב ולא יחטא״ (ז. 20).

אנדערע האָבן אויך אָנגעוויזן אויף א רייע ווערטער, וואָס ווערן באַנוצט זייער אָפּט, אדער גאָר אויסשליסליך נאָר אין די שלמה־ביכער. צ.ב.ש. דאָס וואָרט „שוק״, געפינט זיך נאָר אין קהלת (י״ב, 4, 5.) משלי (ז. 8) און אין שיר השירים (בשוקים, ג. 2).

די אויסדרוקן בעל־כנף, חבוק־ידים, מרפא, עצלה, תענוגת, פרדס, דער וואָרטשפיל שמן־שם, זיינען אַלע ווי נאָך אנדערע, כאראקטעריסטיש פאר די שלמה־ביכער.

מיר שיינט אַז דער אידיאָם „חסר־לב״ וואָס איז אזוי שכיח אין משלי, געפינט זיך ניט אין ערגיץ אין תנ״ך, אויסער אין קהלת (י. 3).

איך וויל צוגעבן דאָ נאָך עטלאכע ענליכקייטן וואס איך האלט זיי פאר זייער אינטערעסאנט.

קהלת, ח. 2: פי מלך שמור ועל דברת שבועת אלהים.
משלי, כ״ד 21: ירא ה׳ בני ומלך.

קהלת, ח. 8: ולא ימלט רשע את בעליו.
משלי, י׳ 2: לא יועילו אוצרות רשע.
משלי, י״א 4: לא יועיל הון ביום עברה.

קהלת ז 12: החכמה תחיה את בעליה.
משלי, ג. 15: אורך ימים בימינה (און אין נאָך אייניגע ערטער).

קהלת ז. 17: אל תהי סכל למה תמות בלא עתך.
משלי, י״א, 21: ואוילים בחסר לב ימותו.

וועגן ערד־ארבעט, פארגלייך קהלת ה, 8, משלי, י״ב, 11, י״ג, 23, כ״ח, 19. אַז דער נאַר פראָקלאמירט זיין נארישקייט, פארגלייך קהלת, י. 3., משלי י״ג, 16, י״ח, 7 און נאָך.

פארגלייך אויך קהלת י. 8 און משלי כ"ו, 27.

אזעלכע ענליכקייטן צווישען קהלת און משלי וואלט מען געקאנט נאך פיל אנווייזן. איך וויל אבער דא געבן נאר נאך צוויי ביישפילן.

אין משלי איז פאראן א קורצער פסוק: צדיק אוכל לשובע נפשו, ובטן רשעים תחסר. (י"ג. 25) דער דאזי־גער פסוק, ווי קורץ און איינפאך ער זאל ניט זיין, איז אבער דאך פון זיינע מפרשים ניט פארשטאנען געווארן ווי געהעריק, — ווייל זיי האבן ניט באמערקט, אז דא האבן מיר בקצור, וואס עס איז געזאגט געווארן מיט גרויס אריכות אין קהלת, און דארט עטלאכע מאל אי־בערגעחזרט געווארן. דאס איז, אז דער טוב לפני האלהים, דער צדיק, עסט און טרינקט און זשאלעוועט זיך ניט בשעת דער חוטא, דער רשע, פארגינט זיך ניט ונפשו לא תשבע, ומחסר נפשו מטובה, זאמלט און זאמלט, אבער געניסט ניט דערפון אליין.

אינטערעסאנט איז אויך צו זען, אז פון א געוויסן געדאנק, געפינט זיך א העלפט אין קהלת, און די אנדע־רע העלפט געפינט זיך אין משלי.

אין קהלת ז. 3 האבן מיר:

טוב כעס משחוק,
כי ברוע פנים ייטב לב,

און אין משלי האבען מיר (י"ד, 13) די צווייטע העלפט:

גם בשחוק יכאב לב
ואחרית השמחה תוגה. (זע כהנא אין „הכרמל")

כדי צו פארשטיין ריכטיק דעם כאראקטער פונם מענטש און פונם בוך קהלת, וועט אונז אויסקומען זיך אפצושטעלן אויף עטלאכע שטיינער, וואס האבן באמת געזאלט דינען אלס וועג־ווייזערס, אבער צום סוף — ווי דורך דער איראניע פון שיקזאל — זיינען זיי געוועזן ניט מער ווי שטרויכלונגען אויף'ן וועג פון די פארשער.

עס איז גאַנץ אָפּט מערקווירדיג צו זען, אז די וואָס דערזעען שאָטנס, פאַרזעען בערג.

עס איז א פראַגע וואס אלע האָבן געפרעגט:

אויב שלמה, דער גרויסער און מעכטיגער קעניג, איז דער מחבר פון קהלת, וואס זשע האָט ער זיך אזוי אָפּט געקלאָגט אויף אומרעכטן, אונטערדריקונגען און עוולות וואָס הערשן אין לאנד?

האָט ער עס ניט געקאָנט פאַרריכטן?

אָבער לאָמיר זען ווי האָט די לאַגע אויסגעזען אין ארץ ישראל אין די לעצטע טעג פון שלמהס הערשאַפט.

ווען שלמה שטאַרבט, און דאָס גאַנצע פאָלק קומט זיך צוזאַמען אין שכם, צו קרוינען זיין זון פאַר א מלך, הערן זיך ניט לויב-געזאַנגען פאַרן גרויסן פאַרשטאָרבענעם קעניג. מען דערמאָנט ניט צום גוטן אַלין וואָס ער האָט אויפגעטאָן פאַרן פאָלק און לאַנד, פאַרקערט גאָר, — דאָס פאָלק איז אומצופרידן און בונטעוועט זיך, און מען זאָגט צום יונגען פּרינץ: דיין פאָטער האָט אַרויפגעלייגט אויף אונז א שווערן יאָך, פאַרלאַנגען מיר אַז דו זאָלסט פאַרלייכטערן די אַרבעט און דעם שווערן יאָך אין וועלכע דיין פאָטער האָט אונז איינגעשפּאַנט, און נאָר דאַן וועלן מיר גרייט זיין דיך צו דינען.

דער יונגער פּרינץ האלט זיך דאַן אַן עצה מיט די הויפּלייט, זיינע אפיציעלע ראַטגעבער. און דאָ האָבן מיר א געלעגנהייט צו זען ווער זיינען געווען די הויף-קאַמאַריליע, וואָס האָט געהאַלטן דאָס פאָלק איינגע-שפּאַנט אין קעניגס נאָמען אין שווערער אַרבעט און אין א שווערן יאָך ביז זיי האָבן עס געבראַכט צו אַן אויפ-שטאַנד קעגן גאַנצן מלכות בית-דוד.

די אַלטע כיטרע פּאָליטישנס, גיבן דעם יונגן פּרינץ אַן עצה, — דערווייל זאָל ער צוזאָגן דעם עולם וואָס ער וויל נאָר אליין. דערנאָך, ווען ער וועט אַלעמען אַריינ-קריגן אין די הענט וועט ער קאָנען מיט זיי טאָן וואָס ער וויל.

די יונגע יונקערס, דאגעגן, עצהנען אז ער זאָל גלייך לערנען פּלק מיטן עולם, און זיי אריינזאָגן:

„מיין פאָטער האָט אייך געשמיסן מיט דערנער — איך וועל אייך שמייסן מיט פאקריוועס".

דער אויפשטאַנד פּרעכט אויס. די עשרת השבטים ווילן ניט וויסן מער, ניט פון דודן און ניט פון זיין הויז.

די אומצופרידנקייט איז מסתמא שוין גרויס געווען נאָך בּאַ שלמהס לעבּן. ירבעם האָט שוין דאַן געפּונ־טעוועט אזוי אז ער האָט געמוזט אנטלויפן זאָך מצרים, און מסתמא איז ער ניט געווען דער איינציקער. קהלת האַלט אין איין עצהנען אז קיינער זאָל ניט אנטלויפן, ווען דער קעניג ווערט אין כעס אויף אים, גלייכער זאָל ער בּלייבּן אין דערהיים און מיט גוטן צוריק איבּערבּעטן דעם צאָרנדיקן הערשער. (ח, 2, 3 און נאָכאַמאָל אין י. 4) ירבעם האָט אָבּער זיין עצה ניט געפאָלגט. און דאָס פאָלק האָט פון אים און זיין אגיטאַציע גוט געוואוסט. ווען שלמה שטאַרבּט, שיקט מען נאָך אים און מען בּריינגט אים צוריק זיך צו שטעלן בּראש פון די אויפ־שטייער.

איז שלמה געווען בּלינד און נאַריש, און ניט געזען דעם שטורם וואס קומט אָן? האָט ער ניט געזען די אונטערדריקונג און דעם שווערן יאָך?

וואָס האָט ער אָבּער געקאָנט העלפן, דאָס לאַנד איז געווען אין די הענט פון די נציבים וואס האָבּן גע־האט די פליכט צוצושטעלן אלץ וואס דער קעניג האָט בּאדארפט פאר זיין גרויסער ווירטשאפט און פאר זיינע גרויסע אונטערנעמונגען.

צו חירום, דעם קעניג פון צור אליין, האָט ער בּא־דארפט געבּן יערלאך צוואנציק טויזנט כור ווייץ, און צוואנציק כור פון טייערסטן בּוימל.

די ערשטע יאָרן האָט ער נאָך באקומען צינזן פון די ארומיגע לענדער. ווען ער איז עלטער געוואָרן, האָבּן די אויפשטאַנדן אויסגעבּראָכן, איינער נאָכן צווייטן. קיין אויסערלעכער איינקונפט איז מער ניט געווען, די קאָ־

רופציע ארום דעם גאנצן סיסטעם פון ארויסבאקומען די גרויסע קעניגלאכע הכנסה האָט געמוזט שטייגן, און שלמה איז געווארן דער קנעכט פונם סיסטעם וואס ער האָט אליין אויפגעבויט, און איז געפאלן אונטער דער משא וואס ער האָט אָנגעקליבן. ער איז צו הויך גע־פלויגן און האָט צופיל אונטערגענומען גלייך ווי ער איז ארויף די שטול.

האָט שלמה געקאָנט זען די אומרעכטן מיט א לייכט געוויסן?

ווען שלמה ווערט מלך, און גאָט באווייזט זיך צו אים אין חלום און פרעגט אים וואס ער פארלאנגט, זאָגט ער ניט, ווי סאיז דער אלגעמיינער איינדרוק, אז ער וויל חכמה.

ער וויל ניט חכמה צוליב שטאָלץ, אדער צוליב א שפיל־צייג, אדער פערזענליכער צופרידנקייט.

שלמה בעט:

„א הארץ וואס פארשטייט צו משפטן דאָס פאָלק, צו אונטערשיידן צווישן גוטס און שלעכטס, ווייל ווער קאָן משפטן אזא גרויס פאָלק!"

משפט, גערעכטיקייט, דאָס איז זיין לײדנשאפט, צו דעם דארף ער די גאנצע חכמה!

ווען ער באַנייט דעם בית המקדש, איז נאָך איי־דער ער בעט פארן פאָלק, איידער ער טראכט וועגן מלחמות, מגפות, הונגער, א.ז.וו. טראכט ער וועגן גע־רעכטיקייט. די ערשטע בקשה איז, אַז אויב צוויי וועלן האָבן א געשפּאַר צווישן זיך, און איינער וועט שווערן אין בית המקדש זאָל גאָט גערעכט מאַכן דעם גערעכטן און באשטראָפן דעם שולדיקן.

דאָס צוויי און זיבציקסטע קאַפּיטל תהלים איז צו־געשריבן צו שלמהן. עס איז פון די וואונדערבארסטע פערלען פון תנ"ך.

די ביבל קריטיקער זיינען באפאלן דאָס קאַפיטל ווי די רויבפויגלען, ניט איבערגעלאָזן קיין גאנצן פסוק. די

משוגעת איז געגאנגגען ביז צו זאָגן, אז עס איז געשריבן געוואָרן לכבוד איינעם פון די פּאָטאָלאָמעאוסעס אין מצרים.

ווי קליין דאָס קאַפּיטל איז, האָבן מיר דאָרט א וואָרט זרזיף וואָס געפינט זיך ניט ערגיץ אנדערש אין תנ"ך, און אַ וואָרט אשכר, וואָס געפינט זיך נאָר נאָך איינמאָל אין יחזקאל. ווייל ווי קהלת, מיט מערקווירדיקע ווערטער און פאָרמען, שטאמט עס פון אַ צייט וואָס איר שפּראַך-אוצר איז אונז ניט גענוג באַקאַנט.

אין קהלת, וואונדערן זיך די קריטיקער, וואס „עיר" ווערט עטלאַכע מאָל דערמאָנט צו באצייכענען ירושלים, (ז. 19, ח. 10, י. 15), אָבער אין אונזער קאַפּיטל האָבן מיר דאָס זעלבע: יציצו מעיר (הקדש) כעשב הארץ. און אין די תפלה פון שלמה בעת דער באַנייאונג פון בית המקדש, רעדט ער כסדר וועגן דער עיר אשר בחרת און אין שיר השירים איז אויך עיר—ירושלים (ג. 2, 3 און ה. 7). אָבער אויך דעם ויציצו מעיר האָבן די ביבל קריטיקער ניט געקאָנט פאַרטראָגן און אים „צו רעכט געמאַכט".

אָבער לאָמיר זיך אָפּשאָקלען פון דער ווילד-געלאָזע-נער קריטיק, און צוריקגיין צו שלמהן:

אין דעם דאָזיקן קאַפּיטל תהלים, געפינען מיר אַ ליידנשאפטליכע לוסט און א מערקווירדיקן דראנג צו גערעכטיקייט, ערלאכקייט, און הילף פאַרן שוואַכן און נויטבאדערפטיקן וואָס עס איז שווער צו געפינען עפּוואָס ענליכעס אפילו אין תנ"ך.

אין די זיבעצן פסוקים זיינען דאָ חלומות פון א יונגען הערשער וועגן וועלט-הערשאפט. צינזן פון שבא און אייביקן רום. אָבער מער ווי אַ העלפט פסוקים ריידן וועגן ערלעכקייט אין משפט, הילף פאַר די ארעמע, אונטערדריקונג פון דעם אונטערדריקער (וידכא עושק — געדענק די ווערטער!), דער צדיק זאָל בליען, רחמנות אויף ארעמע, טייער האַלטן זייער בלוט, דאָס פאָלק

זאָל האָבן ברויט, און דעם יונגען קעניגס נאָמען זאָל דויערן אייביק, און דערמאָנט ווערן ווי לאנג א זון וועט שיינען!

און אָט דער שלמה, וואָס האָט אין זיין יוגנט, אַרויפזעצענדיק זיך אויף זיין שטול, אַזוי געפלאַמט מיט ליידנשאַפט פאַר גערעכטיקייט, הילף פאַר אָרעמע און צו באַקעמפן אונטערדריקונג, האָט אַליין אויפגעבויט א מאַשין וואָס האָט אין פארלויף פון די פערציק יאָר פון זיין קיניגונג געמוזט אָנשאַפן אזוי פיל אומרעכט, אונטערדריקונג און רויב פון די פאָלקס־מאַסן, אַז זיי זיינען געבראכט געוואָרן צו א פארצווייפלטן אויפ־שטאַנד.

ער, וואָס האָט געחלומט וועגן א וועלט־הערשאפט „מים עד ים ומנהר עד אפסי ארץ", א פראַזע וואָס האָט זיך צוגעקלעפט צו דער יידישער פאַנטאַזיע, אזוי אז מען געפינט זי דערנאָך אין זכריה ט. 10 און אינם ניי־געפונענעם בן־סירא מ"ד, 21, — ער האָט מיט זיין ווירטשאַפט אויפגערייצט דאָס פאָלק און עס געבראכט צו אן אויפשטאַנד, וואָס האָט דאָס יידישע פאָלק צע־שפאָלטן אין צווייען אויף אייביק, — וואָס האָט גורם געווען אז מיר זאָלן פארלירן גאנצע צען שבטים, און בּאַ זיינע קינדער זאָל בּלייבן נאָר א קליינע, אונטערטע־ניקע און מאַכטלאָזע מדינהלע.

ער, וואָס האָט געזאָלט לערנען די גאנצע וועלט, ער וועמעס חכמה מען קומט הערן פון ווייטע לענדער, קאָן ניט צוּבּרייטן און דערציען אַ זון, אין וועמען ער זאָל האָבּן צוטרוי און אים מיט א רואיק געוויסן קאָנען אי־בּערגעבּן די גרויסע ירושה! אויב א מענטש איז אמאָל געווען אַ שפילכל אין די הענט פונם אשמדאי, דאַן איז עס ניט געווען קיין אנדערער ווי שלמה — קהלת!

---

פון מיינע יונגע יאָרן, האָט אין קהלת מיך ניט אזוי געפאנגען דער רוף „הבל־הבלים", ווי די פסוקים

וועגן דעם רויב פון ארעמע, און די טרערן פון די אונ־טערדריקטע.

דמעת העשוקים ואין להם מנחם!

די דאָזיקע פסוקים האָבן אויך די חכמים פון אמאָל שטאַרק מיטגעריסן מיט זייער שרעקלאכער לײדנשאפט פאר גערעכטיקייט. און דניאל דער שניידער האָט גע־דרשנט אויף דעם פסוק, אז דאָס זיינען די טרערן פון די ניט־כשר געבוירענע קינדער, וואס ווײנען אויף די סנהדרין וואָס באַרויבן זיי פונם רעכט צו זיין גלייך מיט אלעמען, הגם זיי האָבן קיין חלק געהאַט אין די זינד פון די עלטערן. (זע „מדרש״).

מיר זעען איצט קהלתן ניט ווי איינעם וואָס קומט צום הבל־הבלים צוליב איבערזעט.

מיר האָבן פאר זיך א גרויסן מענטש מיט א וואונדערבאַר־מענטשליך הארץ, וואָס איז ארויס אין דער וועלט מיט גאָלדענע חלומות איינצופירן גערעכטיקייט איבעראל, העלפן יעדן נויטבאדערפטיקן, און שאַפן גליק אויף דער וועלט.

און אין זיינע אלטע יאָרן זיצט ער אויף זיין גאָלדע־נער שטול מיט צורונענע חלומות, ביטער אנטוישט פונם לעבן, אן אויסגעלאכטער, — אלץ איז אויסגעקומען פונקט דער היפך פון דעם וואָס ער האָט געוואָלט. ער האָט צולאַנג געלעבט און צולאַנג געקיניגט.

ער האָט געוואָלט איבערמאַכן די וועלט, ער זעט אָבער איצט אז מעוות לא יוכל לתקון! — דאָס וואס ס׳איז קרום, קאָנסטו ניט אויסגלייכן. און נאָך אַמאָל פארטראכט ער זיך דעריבער, און ער זאָגט:

ראה את מעשה האלהים, כי מי יוכל לתקן את אשר עותו. — אויב גאָט האָט עפּעס קרום געמאַכט, ווער קאָן עס אויסגלייכן?

— ביטערע רעזיגנאַציע.

ער קוקט אן זיינע קינדער און אפילו אויף איינעם איז ער ניט זיכער, צי ער וועט זיין א חכם, צי א נאַר.

צווישן זיינע יועצים געפינט ער איינעם קוים אין א טויזנט. אין הארעם —געפינט ער ניט איינע אפילו אין א טויזנט. ארום זעט ער ווי קנעכט וואס קאנען ארוים-פרעסן פון עולם די אפצאלונגען האבן זיך ארויפגעכאפט אויף פערד, און זין פון אלטע מיוחסדיקע הייזער וואס האבן ניט געקאנט צאלן די שווערע שטייערן גייען צו פוס.

ער פארטראגט ניט מער קיין געזאנג. לעבנס-לוסט פארשווינדט, דער נאמען וואס האט געזאלט פארקלינגען א וועלט ווי לאנג א זון וועט שיינען, דער נאמען ווערט שוין אין געהיים געשאלטן. דער עולם בייינקט נאך די אלטע גוטע צייטן. א! דאס קרייגקט אים גאר!

— זאג ניט די אמאליגע טעג זיינען געוועזן בעסער!
— שילט ניט מיין קינד דעם מלך,
אפילו ניט אין דיין הארצן!

אט אזוי בעט זיך און דראעט דער אלטער קהלת (י. 20, ז. 10)

אבער די טרערן . . .
די טרערן פון די אוממעכטיקע בארויבטע . . .

— און וואס האט אים געטויגט מאכט?
— עת שלט האדם באדם לרע לו!

ער איז מקנא די טויטע:
ושבח אני את המתים שכבר מתו!

אבער לעבן ווילט זיך דאך.

ניטא קיין נחת, אבער — די שרעקליכע איראניע,
וועז עס לאכט דאס פנים און עס בלוטיקט א הארץ —

די לעבעדיקע ווייסן כאָטש אַז זיי וועלן שטאַרבן. די טויטע ווייסן דאָך דאָס אויך ניט!

כי לכלב החי טוב מן האריה המת,
כי החיים יודעים שימותו . . .

און דערווייל, ביטער אנטוישט און געקריינקט-גייט דער אַלטער קעניג אַביסעל ארוים אויפן דאַך פון זיין פּאַלאַץ, און פון אַלע אוצרות, פאַרגעניגנס, ווייבער און קעפּסווייבער, בלייבט אים איין נחת אויף דער וועלט:

אָ! זיס איז דאָס ליכט,
און וואָס פאַר אַ פאַרגעניגן פארן אויג
איז צו זען די זון; . . . — (י״א—7)

אויב אלע חלומות זיינען פאַרשוואונדן און צורונען געוואָרן — איז אָבער אַ זון אין הימל נאָך געבליבן, און אויב שולמיתעס אויגן קאָנען שוין מער ניט צוויבערן זיין הארץ, קאָן אָבער די זון נאָך וואַרעמען זיינע אַלטע ביינער.

און אויב ער, דער דערהויבענער קעניג, האָט קיין גערעכטיקייט ניט געקאָנט איינפירן, ניט באַשיצן דעם שוואַכן, און ניט צוריבן דעם אונטערדריקער, איז אָבער דאָ אַ הויכער איבער אַלע הויכע, וואָס וואַכט, — און אויב ניט היינט, איז מאָרגן, איבערמאָרגן.

הכלל — שלום מיטן לעבן!

— — — — — — — — — — — — — — — —

אָבער אוועק דער אַלטער שטאָלץ. ניטאָ מער ניט קיין איינריידענישן און ניט קיין אַמביציעס. ער איז

שוין דער מענטש פון נעכטן. אני קהלת הייתי...
ער וויל שוין די וועלט ניט איבערמאכן.

וואָס, מ'שטיינס געזאָגט, איז אַ מענטש?
— הבל הבלים!

וואָס זיינען מענטשלאַכע שטרעבונגען?
— אַ יאָגן זיך נאָך ווינט!

אָבער איין פאַרלאַנג האָט ער נאָך איצט: אינם ליכט פון זיינע אַלע דערפאַרונגען, וויל ער איין זאַך אויסגעפינען:

— איזהו טוב לבני האדם,
אשר יעשו תחת השמים.

— וואָס זאָל אַ מענטש טאָן, און ווי אַזוי זאָל ער לעבן, כדי איבערצוקומען מיט אַביסעלע נחת און צופרידנקייט די פאָר יאָר זיינע אונטער דער זון.

און אָט אין אַזאַ שטימונג זייענדיק, זעצט ער זיך אַוועק אָנצושרייבן דאָס מערקווירדיקע בוך — דאָס בוך קהלת.

*

* *

די תורה און די נביאים האָבן געלערנט יידן וואָס צו טאָן, כדי אַז דאָס פאָלק אַלס קאָלעקטיוו זאָל לעבן רואיק און גליקלאַך אין זיין לאַנד. וועגן דעם איינצלנעם רעט זיך דאָרט כמעט ניט.

**קהלת איז אָבער דאָס בוך פונם יחיד, דאָס בוך וואָס שטעלט זיך אָפּ אויף דעם, ווי אַזוי דער מענטש**

אלס אינדיווידואום, און ניט אין זין האָבנדיק דאָס פֿאָלק — זאָל דורכלעבן בשלום און מיט צופֿרידנקייט זיינע פּאָר יאָר.

ווי אין אַלע ביכער פֿון תנ״ך, אַזוי אויך אין קהלת, רעט מען ניט פֿון אַ „יענער וועלט״. דאָ אויף דער ערד פֿילט זיך בלויז אַ הויך דערפֿון, אַ וואונק צווישן די שורות, מען צערעדט זיך אָבער ניט דעריבער, און מען צעשרייבט זיך ניט דערוועגן.

קיינער ווי די חכמים פֿון אַמאָל האָט ניט אַזוי פֿאַרשטאַנען אונטערצושטרייכן די צוויי ווערטער „תחת השמש״.

אַז דער מענטש האָט אַ נשמה וואָס גייט ארויף אויבן, און אַז עס איז דאָ אַ משפט צדק און אַ שופט צדק, זיינען פֿאַר קהלתן פֿון די אמתן וואָס מען דאַרף ניט באַווייזן.

דאָס איז עלעמענטאַר. הגם מען זעט עס ניט אינם אַלטעגלעכן לעבן, וואו עס שיינט צו זיין פּונקט פֿאַרקערט. אַזוי איז אויך עלעמענטאַר פֿאַר אים אַז חכמה איז בעסער ווי נארישקייט, הגם ווער נאָך ווי קהלת ווייסט עס — חכמה ברייגגט ניט מער ווי ערגערניש און קרענקעניש. דאָס זעלבע האַלט ער פֿאַר עלעמענטאַר אַז בעסער אַ לעבעדיקער הונט, איידער אַ טויטער לייב, כאָטש דאָס לעבן איז ניט מער ווי אַ קוואַל פֿון אַנטוישונג און צער.

אייניקע פּסוקים אין קהלת זיינען אָבער שלעכט פֿאַרשטאַנען געוואָרן, און זיינען געוואָרן אויסגעטייטשט, ווי קהלת וואָלט באַהאַנדלט פֿראַגן פֿון יענער־וועלט, שכר ועונש, און ענליכעס, וואָס ווערט כסדר אין תנ״ך אויסגעמיטן. דאָס האָט געבראַכט דערצו, אַז דאָס בוך, וואָס באַהאַנדעלט — ווי ער שטרייכט עס כסדר אונטער — נאָר זאַכן פֿונם לעבן אָט־אָ־דאָ אויף אונזער וועלט, אונטער דער זון, זאָל באַקומען אַ באַדייטונג פֿון וועלכער

עס איז אבסאָלוט ווייט. דאָס צווינגט אונז זיך אויף די דאָזיקע פסוקים דאָ גענויער אָפּצושטעלן.

---

שוין אין די אלטע צייטן האָבן זיך פיל איבערגע־שראָקן פון דער פראגע פון קהלתן:

„ווער ווייסט דאָס, אז דער גייסט פון מענטשן גייט ארויף אויבן, און אַז דער גייסט פון דער בהמה גייט אראָפּ אונטן, אין דער ערד אריין?" (ג. 21).

די בעלי־מסורה האָבן דעם פסוק געפינטלט מיט אַ ה"א הידיעה, און ניט מיט אַ ה"א השאלה, כדי מען זאָל עס מוזן טייטשן ווי רב סעדיה גאון און ר' אברהם בן עזרא:

— מי יודע רוח בני האדם, העולה היא למעלה — וועלכער מענטש ווייסט און באַגרייפט דעם מענטשליכן גייסט, וואָס גייט ארויף אויבן?

דער תרגום האָט זיך ניט געשראָקן און עס פאַר־שטאַנען אלס אַן איינפאַכע און אָפענע פראגע: „מן הוא חכימא דידע אם רוח נשמתא בני אנשא הסלקא היא לעילא לרקיע. *)

איך גלויב אָבער, אַז דער פסוק איז לגמרי שלעכט פאַרשטאַנען געוואָרן.

קהלת איז געווען זיכער, אַז „והרוח תשוב אל האלהים". ער פרעגט אָבער דעם מענטשן, וואָס נעמט זיך איבער אַז ער איז דאָס העכסטע אויף דער וועלט:

— וואָס איז דער יחוס מיט דיר? דיין קערפער גייט צוריק צו דער ערד, פונקט ווי דער קערפער פון דער בהמה, און ווער זאָגט דיר דאָס, אַז נאָר ד י י ן

---

*) עס מוז צוגעגעבן ווערן אַז דער תרגום האָט געקאָנט האָבן דעם ניקוד פון דער מסורה אויפן וואָרט „העולה" און דאָך עס טייטשן ווי אלס אַ פראַגע. ווייל אויך אויפן פסוק „כי האדם עץ השדה" (דברים כ', י"ט) מאַכט דער תרגום „ארי לא כאנשא אילן חקלא". וואָס עס ווייזט אַז ער האָט עס געטייטשט אלס אַ פראַגע. (זע „הנוסח השמרוני של התורה" פון ר' חיים העליר, ז. 149) ווי אויפן פסוק „ההמיר גוי אלהים", מאַכט ער: „הא עממיא לא שבקו פולחן טעותא" (ירמיהו, ב', י"א).

גייסט גייט אַרויף אין דער הויך, און ניט דער גייסט פון דער בהמה?

פון די עלטסטע צייטן אָן, און ביי אַלע פעלקער זיינען געווען רעליגיעס, פילאָזאָפישע שולן און כתות, וואָס האָבן געגלויבט, אַז די בהמות און חיות האָבן אויך אַ גייסט, און אַ סך האָבן געגלויבט, אַז זיי האָבן אויך שכר.

די טענות פון ר' סעדיה גאון האָבן ניט אָפּגעשראָקן דעם אר"י הקדוש פון צו לערנען, אַז ניט נאָר ווערן מענטשן מגולגל אין בהמות וחיות, נאָר בהמות און חיות ווערן אויך מגולגל אין מענטשן (זע אויך „מחקרי קהלת", פון דוד כהנא, אין „הכרמל", תרל"ט).

אין דער מעשה פון בלעם זעען מיר, אַז כדי דאָס אייזל זאָל ריידן, מוז עס גאָט עפענען דאָס מויל — אַ ספעציעלער נס מוז געשען. עס איז אָבער גאַנץ נאַטירלאַך, אַז דאָס אייזל זאָל זען דעם מלאך, הגם בלעם קאָן אים ניט זען, ביז עס געשעט אַ נס און גאָט עפנט אים די אויגן *).

— — — — — — — — — — — — — — — —

„כי אין מעשה וחשבון ודעת וחכמה בשאול אשר אתה הולך שמה", (ט, 10), האָט גאָר ניט צו טאָן מיט דער פראַגע פון דין וחשבון אָפּגעבן.

דאָס איז אַן איבערחזרונג פון דער אָפּט־געגעבענער עצה, צו לעבן ווי לאַנג מען לעבט, ווייל נאָכן טויט וועט שוין זיין צו שפעט.

דער זין פון די ווערטער „חשבון ודעת והכמה", אין דעם דאָזיקן פסוק, איז דער זעלבער, ווי אין פסוק „וסבותי אני ולבי לדעת ולתור ובקש חכמה וחשבון ולדעת" . . . (ז, 25), וואָס האָט ניט צו טאָן מיט

*) באמערק די פאלגענדע פסוקים אין פרשת בלעם, במדבר, כ"ב: ותרא האתון את מלאך ה' (פסוק כ"ג); ויפתח ה' את פי האתון (פסוק כ"ח); ויגל ה' את עיני בלעם (פסוק ל"א).

דין־וחשבון. זע אויך ז, 29 : „והמה בקשו חשבונות רבים״.

פסוק ה׳, קאפיטל ט׳, „והמתים אינם יודעים מאומה, ואין עוד להם שכר, כי נשכח זכרם״, האט אויך קיין שייכות ניט צו דער פראגע פון שכר ועונש.

דער זין איז, אז די טויטע האבן מער קיין אנטייל און אינטערעס ניט אין די געשעפטן פון דער וועלט, און האבן ניט מער קיין נחת און צופרידנקייט פון וואס עס זאל ניט געשען צווישן די לעבעדיקע, וואו אפילו זייער זכר איז שוין פארלוירן געווארן.

דער זעלבער געדאנק געפינט זיך אויך אין אנדערע ערטער אין תנ״ך (ווי אין תהלים לא, 13; קט״ו, 17; איוב, י״ד, 21, זע אויך ברכות י״ח). און דאס ארטא־דאקסישע יידענטום האט קהלתעס געדאנקענגאנג אנ־גענומען אינגאנצן. אין בן־סירא געפינט זיך די לערע פון קהלת איבערגעגעבן אין א קורצער פארם, און רב האט עס איבערגעחזרט צו רב המנונאן אין א נאך מער קאנצענטרירטן און שענערן אופן:

בני! אם יש לך — היטב לך.
שאין בשאול תענוג, ואין למות התמהמה.
ואם תאמר אניח לבני—חוק בשאול מי יגיד לך?
בני האדם דומין לעשבי השדה,
הללו נוצצין והללו נובלין. — (עירובין, נ״ד) *).

*) A. E. Cowley and Neubauer.

אין זייער אקספארדער אויסגאבע פון בן־סירא, אויך דוד כהנא אין זיין חכמת בן סירא, האבן געהאט א טעות מיינענדיק אז רב המנונא איז געווען רב׳ס זון.

א טעות מאכט אויך הײמאן אין זיין תולדות תנאים ואמוראים ווען ער שרייבט, אז רב האט בא־זונדערס ליב געהאט רב המנונאן, ווייל ער רופט אים „בני!״

דאס ווארט „בני״ געהערט צום נוסח פון בן־סירא,

מיין זון!
אויב דו האָסט, דאַן לאָז דיר וואוילגיין.
אין קבר קאָנסטו קיין פארגעניגנס ניט דערוואַרטן;
און אפשר ווילסטו פאַר קינדער באַהאַלטן?
— וועט ווער קומען אין קבר דיר אָנזאָגן
וואָס פאַר אַ תכלית זיי מאכן דערמיט?
מענטשן זיינען ווי די גראָזן פון פעלד,
די בליען, די אַנדערע וועלקן!
דער מהרש״א באמערקט שוין, אַז די ווערטער זיינען כסדר לויט פסוקים פון קהלת.
אויסצוטייטשן אַזעלכע ווערטער אין אַ גייסט פון פאַרניינונג, ווי מען טוט מיט די ווערטער פון קהלת, (זע צ.ב. דר. ברנפלד, מבוא לכתבי הקדש ח׳ ג. ז. 42) ווייזט אויף אַן אומפּעאיקייט ארומצונעמען אַ בוך און אַ שיטה אַלס גאַנצע זאך. און דאָס איז גורם אַז מען זאָל זוכן סתירות און רעטענישן, וואו זיי געפינען זיך צום ווינציקסטן.

* *
*

קהלת דריקט אָפּט אויס פאַרשידענע אנטקעגנגעזעצטע מיינונגען אין באַצוג צו געוויסע לעבנס-דערשיינונגען.
מיר זעען דאָ אַ קאַפּריזנעם גייסט, אַ וואולקאַנישן טעמפּעראַמענט, וואָס ברעכט מיט אַמאָל אויס מיט

---

און אַזוי איז די העברייאישע מליצה.
עס שיינט אויך, אַז מען האָט נאָך ניט אויפמערקזאַם געמאַכט אַז אין תוס׳ עירובין ס״ג, ווערט דער מאמר געבראַכט אין ארמיש: „ברי מדאית לך אוטיב לך.״ און דער ערוך ברענגט: „ברי אם יש לך אוטיב לך״. (ערוך חק. זע דאָרט דעם פּשט אויף די ווערטער חק בשאול).

אומצופרידנקייט, ביטול און פאַראַכטונג. ער באַרואיקט זיך אָבער, ווערט מילדער און וויל פאַרגלעטן, און דאַן איז ער נאָך אפשר ווייכער פון אַן אַנדערן.

עס איז דער שטימונגס-מענטש „פאַר עקסעלאַנס", און אייגענטליך דאָס איז עס, וואָס עס מאַכט קהלת פאַר דאָס גרויסע, רייצנדיקע בוך, וואָס עס איז.

אָבער שטימונגען זיינען עפּעס אַנדערש, און גרונט-פּרינציפּן זיינען ווידער אַנדערש.

די קאַפּריזנע ווידערשפּרוכן זיינע זיינען ניט אַזוי אין מיינונגען, ווי אין באַציאונגען. און האָבן אין דער זעלבער צייט אי אַנטיפּאַטיעס, אי סימפּאַטיעס צו באַ-שטימטע לעבנס-דערשיינונגען, זעט אויס, צו זיין קהלתעס ספּעציעלע פּריווילעגיע.

דאָס לעבן אַליין איז פול מיט ווידערשפּרוכן, און אַנדערש קאָן ניט זיין.

פאַר דעם פּיליסטער, אָבער, מוז אַלץ זיין גלאַט און פּשוט, חד וחלק, אגיל ואשמח, קיילעכדיק און שפּיציק.

שפּריכווערטער, וועלכע אַנטהאַלטן, ווי באַקאַנט, די קאָנצענטרירטע לעבנס-דערפאַרונג פון דורות, זיינען פול מיט ווידערשפּרוכן, ווייל אַזוי זיינען די לעבנס-דערפאַרונגען.

פאַר דעם באַנק-קוועטשער און פאַרן חכם פון הינטערן אויוון, אָדער אַפילו פאַרן פּראָפעסאָר אין דער אוניווערזיטעט, זיינען ווידערשפּרוכן און סתירות אַ זאַך ניט צום באַגרייפן.

עס איז אָבער פיינליך צו זען, ווי ר' אברהם בן עזרא נעמט גאַניץ ערנסט אויסרעכענען אַ גאַנצן צעטל מיט סתירות אין קהלת (פּסוק ג', קאַפּ. ז.) ער דערציילט, אַז איינער פון די מפרשים האָט צוליב די סתירות גע-פונען פאַר נויטיק צו זאָגן, אַז ניט שלמה, נאָר אַ חברה פון זיינע תלמידים האָבן געשריבן קהלת. און דעריבער

אנטהאלט עס פאַרשידענע און ווידערשפּרעכיקע מיי־
נונגען.

ביי דער דאָזיקער נאַרישקייט — אַז קהלת איז אַ זאַמלונג פון פאַרשידענע מיינונגען, וואָס זיינען געקו־מען פון מערערע מיילער אַלס אַ מין דיאַלאָג, אָדער אַל־געמיינע עפנטליכע דיסקוסיע; אָדער אַלס אַן אַרבעט פון פאַרשיידענע הענט, וואָס יעדע פון זיי האָט געהאַלטן אין איין צושרייבן אַנמערקונגען — ביי אַט דער נאַ־רישקייט האַלטן זיך ביז דער לעצטער צייט אַ סך מפרשים און געלערנטע. זיי קאָנען זיך בשום אופן ניט פאַרשטעלן, אַז די פאַרשיידענע געדאַנקען וואָס מיר געפינען אינם בוך קהלת, זאָלן „שטאַמען פון איין פאַסטוך.” *)

פּראָפ. טאי קאָן ניט פארשטיין ווי אזוי דער מענטש וואָס האָט געזאָגט: „כי ברוב חכמה, רוב כעס”, האָט געקאָנט לויבן חכמה. דער קאָצקער רבי, להבדיל, האָט דאָס אָבער זייער גוט פאַרשטאַנען. ער האָט געזאָגט:

יוסיף דעת—באַדיי יוסיף מכאוב! (דער מענטש זאָל זוכן וויסן, כאָטש עס ברייינגט אים נאָר פאַרדרוס, עגמת־נפש און ביטערניש).

ר' אברהם בן עזרא באַמיט זיך, וואָס אמת, צו באַווייזן, אַז קהלת איז ניט אַ נאָמען פון אַ קאָלעגיום מענטשן, נאָר אַ נאָמען פון אַ אינדיווידואום. ער באַגרינדעט עס מיט דעם אויטאָריטעט פון פסוקים, און ניט וויל מען פילט איין גייסט און איין האנט דורכן גאַנצן בוך.

*) ציטירענדיק זיגפרידס טעאָריע, אַז אַ גאַנצע כאַ־ליאַסטרע פאַרשווינען פון כל המיני כתות האָבן איינער נאָכן צווייטן אריינגעשריבן זייערע מיינונגען אינם בוך קהלת ווי ער איז פאר אונז, שרייבט דר.

James Orr; The Problem of the Old Testament; P. 489:

"The fact that one finds all this retailed with due gravity by author and learned reviewers suggests the question whether the sense of humour is not becoming extinct—at least in the department of criticism."

און ווען מען גערייגקט, אַז אבן־עזרא איז אַליין גע־
וועזן אַ גרויסער דיכטער, אַ גייסט פול מיט ווידער־
שפּרוכן און געגנגעזאצן, דאַן איז עס באַזונדערס פאַר־
דראָסיק צו זען, ווי ער באַמיט זיך אויסצוטייטשן די
סתירות פון קהלת אויף אַ גאַנץ באַלעבאַטישן שטייגער.

רענאַן, דער קלוגער, שאַרפזיניקער פראַנצויז, אויף
וועמען עס איז שווער צו זאָגן, צי ער איז געווען מער
דיכטער, צי מער געלערנטער — האָט עס בעסער פאַר־
שטאַנען פון אַלעמען. און ער שרייבט:

קהלת איז געווען פון די יעניגע וואָס זאָגן: „ווי
דעם מענטשן, וואָס ווידערשפּרעכט ניט זיך אַליין כאָטש
איין מאָל אַ טאָג". דאָס וואָס ער זעט קלאָר איין אמת,
שטערט אים לגמרי ניט צו זען באַלד דערנאָך דעם קעגנ־
געזעצטן אמת מיט דער זעלבער קלאָרקייט. *)

אָבער נאָך מערקווירדיקער איז, וואָס ר' אבו הם בן
עזרא האָט ניט באַמערקט, אַז פיל אזוי גערופענע ווידער־
שפּרוכן קאָנען דערקלערט ווערן מיט דעם, וואָס מען
האָט פּשוט ניט פאַרשטאַנען ווי געהעריק דעם פירוש
המלות.

אזוי צ.ב. אין פסוק „ברוב חכמה, רב כעס", האָט
דאָס וואָרט „כעס" ניט דעם זעלבן מיין וואָס אין פסוק
„וכעס בחיק כסילים ינוח".

עס האָט ניט צו טאָן מיט בייזערן זיך. עס באַ־
צייכנט גאָר זאָרג און עגמת נפש, ווי אין פסוק „כי
מרוב שיחי וכעסי, (שמואל א', א, 16) און אין פסוק
„והסר כעס מלבך, והעבר רעה מבשרך" (קהלת, יא' 10).

*

פון אַלע טענות פון די וואָס ווילן באַווייזן דעם
שפּעטן אָפּשטאַם פון קהלת, מאַכט אַ מער ערנסטן

*) Malheur à qui ne se contredit pas un moins une fois par jour!....

La vue claire d'une vérité ne l'empêche pas de voir tout de suite après, la vérité contraire, avec le même clarte.

איינדרוק די באהויפטונג, אַז אין קהלת געפינען מיר אַ היפּשע צאָל שפּורן פון אַראַמעאישן איינפלוס.

מען ווייזט אָן אויף אַ צעטל ווערטער און אויסדרוקן וואָס זאָלן זיין געבאָרגט פון דער אַראַמעאישער שפּראַך, און דאָס זאָל דינען אלס עדות, אַז דאָס בוך שטאַמט פון דער צייט פון צווייטן בית־המקדש.

מען ציטירט אָפט די ווערטער פון דעליטשן, וועל־כער שרייבט מיט פּאַטאָס: „אויב קהלת זאָל שטאַמען פון די אַלטע צייטן פון שלמה המלך, דאַן איז ניטאָ קיין געשיכטע פון דער העברייאישער שפּראַך!" מוז מען זיך אָביסל גענויער אָפּשטעלן אויף דער דאָזיקער טענה, און אונטערזוכן די פאַקטן.

און וואָס זיינען די פאַקטן?

ערשטנס זעען מיר, אַז אַפילו אין די עלטסטע תנ"ך דאָקומענטן זיינען פאַראַן „אַראַמעאישע" ווער־טער.

אין שופטים „שם יתנו" (אין דער שירה פון דבורה, ה. י"א); לתנות, (אין דער דערציילונג וועגן יפתחס טאָכטער, י"א, מ.) *)

---

*) שוין אין ירושלמי האָט ר' יוחנן אויפמערקזאם גע־מאַכט, אַז אין דער תורה און די נביאים און כתובים געפינען מיר אַראַמעאישע ווערטער (סוטה, ז', ב'). און רב זאָגט אין סנהדרין ל"ח, אַז אדם הראשון האָט שוין גערעדט אַראַמיש, ווייל אַ פּסוק אין תהלים, וואָס ער האָט געזאָלט זאָגן, לייענט זיך: „ולי מה יקרו רעיך אל". (אייזנשטאַט, אין „אוצר ישראל", ברייננט אַז די ראיה איז, ווייל די ראשי־תיבותן פון די לעצטע ווערטער פאַרדרייטערהייט מאַכן „ארמי". דאָס איז אָבער אַ שטות. ר' צבי הירש חיות האָט עס ריכטיק פאַרשטאַנען: דאָס וואָרט „יקר" איז אַראַמעאיש (זע מגילה ט.)

אין רבס ווערטער, אַז אראמעאיש איז אור־אלט, שטעקט אַ גרויסער אמת.

שד"ל האָט אפילו געוואָלט דרינגען, אַז אַראַמייאיש איז די עלטערע שפּראַך, פון וועלכער העברייאיש איז נאָר אַ יונגע טאָכטער. (אין אַ בריף פאַרעפנטליכט אין הכרמל

אין בראשית מ״ב, ו, — וויוסף הוא השליט.
אין שמואל ב, י״ז, י״א — ופניך הולכים בקרב.
אין ישעי׳ ל״ח, ט״ז — ותחלימני. (אין דער תפלה פון יחזקיהו). און נאָך אַנדערע. (זע אויך כהנאס שוין דערמאָנטע אָפּהאַנדלונג).

די קריטיקער מוזן אליין מודה זיין, אַז ניט אַלע אויסטערלישע ווערטער, וואָס כאַראַקטעריזירן די „שפּעטערע״ שריפטן, קאָנען פּאַרטייטשט ווערן דורך דעם איינפלוס פון אראמעאיש, און זיי מוזן אָננעמען, אַז דאָ האָבן מיר פאַר זיך איבערבלייבונגען פון גאָר אלטן העברייאיש (זע געזעניוס, ענגלישע אויסגאַבע, לויט קויטש, פון קאָללינס און קוילי, אָקספאָרד, 1898, ז. 16).

אָבער דאָ מוז זיך יעדער שטעלן די פראַגע: ווי קומט עס, אַז דוקא אין די שפּעטע ביכער האָבן זיך באַהאַלטן גאָר אור-אַלטע אויסדרוקן?

באווייזט דאָס ניט אַמאָל, אַז די אחרונים זיינען גאָר ראשונים?

אַלע זיינען מודה, אַז אין די פּאָעטישע טיילן פון תנ״ך ווערן אַראַמעאישע „פרעמד ווערטער״ באַנוצט. און זיי גיבן אליין צו, אַז עס איז גאַנץ מעגליך, אַז מיר האָבן דאָ ניט צו טאָן מיט פרעמדע, נאָר מיט אַרכאַאישע ווערטער (זע דאָרט, ז. 14, און אין האַסטינגס ביבל-ווערטערבוך ב. 3,, ז. 33.)

אַראַמעאיש איז שוין אין גאַנץ אַלטע צייטן געווען די דיפּלאָמאַטישע שפּראַך פונם מזרח. אַראַמעאישע כתבים געפינען מיר אומעטום, פון בבל ביז מצרים.

---

תרל״ט). שד״ל איז געווים ניט גערעכט, ער איז שוין צו ווייט געגאַנגען.

אין בבא-בתרא ווייזט עולא אָן, אַז אין הושע (פון די עלטסטע נביאים!) געפינען מיר אראַמעאיש: „גם כי יתנו בגויים״, (ח׳).

די זאַך, אַז תנ״ך איז פול מיט אַראַמעאישע ווערטער, איז שוין דערבאַר באַקאַנט געווען צו חכמים אין די עלטסטע צייטן.

יחזקיהום סוויטע, וועלכע האָט, לויט דער מסורה, פאַרשריבן ,אָדער רעדאַקטירט קהלת (זע בבא־בתרא, ט״ו.) האָט געקאָנט אַראַמעאיש, (מלכים, י״ח, כ״ו; ישעיהו, ל״ו, י״א). דער נביא ירמיהו, ניט זייענדיק קיין דיפלאָמאַט, נאָר אַ כהן, שרייבט אויך אַראַמעאיש, און צוויי ווערטער וואָס ער באַנוצט אין דעם איין־און־איינציקן פסוק זיינעם, די ווערטער „ארקא" און „יאבדו", געהערן צו די עלטסטע פאָרמען פון אַראַמעאיש וואָס איז אונז באַקאַנט. (ירמיהו, י', י״א), מעגליך אַז דאָס באַווייזט אַז ער האָט געקאָנט אַראמעאיש פון „ווער־טערבוך" און ניט פון לעבן.

פון די אַמאָליקע העברייאישע און אַראַמעאישע שריפטן איז צו אונז דערגאַנגען נאָר אַ זייער קליינער טייל. קיינע פון די דאָזיקע שפּראַכן איז אונז גענוג באַקאַנט.

אָבער איין זאַך איז זיכער — אַז העברייאיש און אַראַמעאיש האָבנדיק איין אָפּשטאַם, האָבן אַמאָל, אין די ערשטע צייטן, געהאַט בשותפות אַ גרויסע צאָל ווערטער, אויסדרוקן, רעדענסאַרטן און גראַמאַטישע פאָרמען. אַן אַראַמעאישע פאָרם אין אַ העברייאישן דאָקומענט, קאָן דעריבער אַמאָל גיכער דינען אַלס באַווייז פון אַ גאָר אַלטער, איידער פון אַ גאָר שפּעטער אָפּשטאַמונג. דערצו האָבן מיר זייער ווינציק פון די שריפטן פון די אַנדערע דאָן הערשנדיקע סעמיטישע שפּראַכן, ווי עמוניש, מואביש, אדומיש א.אַ.וו. מיר זיינען אויך ווייניק באַקאַנט מיט די דיאַלעקטן פון די פאַרשיידענע שבטים.

אָט איז מען געווען זיכער אַז דער אויסדרוק „תחת־השמש" — אונטער דער זון, מיט וועלכן קהלת באַצייכנט די וועלט, איז גענומען פון גריכיש, און שפּעטער האָט מען דעם אויסדרוק אַנטדעקט אין אַ פיניקישער אויפשריפט פון פאַר דעם גריכישן פעריאָד.

דאָס בוך קהלת שטייט איבערהויפּט איינציק אין זיין כאַראַקטער צווישען אַלע ביכער וואָס מיר האָבּן פון די אַלטע צייטן. טאָ ווער־זשע קאָן משפטן איבערן סטיל וואָס איז באַנוצט געוואָרן פאַר אַזעלכע ליטעראַ־רישע ארבעטן אין יענע ווייטע טעג? כאָטש רענאַן אין זיין בוך „קהלת" טרייבּט שוין צופּיל איבּער די שוועריקייטן צו שרייבּן איבּער פילאָזאָפישע ענינים אין העבּ־רייאיש, אָדער אין וועלכער ס'איז סעמיטישער שפּראַך בכלל.

דאָס געזאָגטע וואָלט שוין געקאָנט גענוג זיין. אַזוי אָבּער ווי אויף די שפּראַכליך־סטיליסטישע ארגו־מענטן איז געלייגט געוואָרן גרויס וויכטיקייט, געפין איך פאַר נויטיק זיך אָפּצושטעלן נאָך אויף איין פאַקט.

מען האָט געמאַכט אַ גרויסן ווערן פון דעם וואָס קהלת באַנוצט זייער אָפט די פאָרם ש' אַנשטאָט אשר. באַזונדערס, אַז ער באַנוצט עס אין אַזעלכע קאָמבּינאַ־ציעס ווי כשבא, (ה, י"ד), משתדור (ה, ד') א. אנד.

עמיצער האָט ארויסגעזאָגט אַ מיינונג, אַז ש' אַנ־שטאָט אשר, איז אַ בפירושער באַווייז אויף אַ שפּעטער אָפּשטאַמונג, און אַלע האַלטן עס אין איין איבּערחזרן, ניט אונטערזוכנדיק די פאַקטן.

און אָט זיינען עטלאַכע פאַקטן:

דער ש' איז ניט קיין אראמעאישע פאָרם. אין אראַ־מעאיש באַנוצט מען זיך מיט ד' אָדער די, און אין די אַראַמעאישע פאַפּירוסן, וואָס מען האָט אַנטדעקט אין מצרים, שרייבּט מען ז', אָדער זה. דאָס זעלבּיקע גע־פינען מיר אין העבּרייאיש: לויתן זה יצרת, (תהלים, ק"ד, כ"ו); שמע לאביך זה ילדך (משלי, כ"ג, כ"ב).

דאָס העבּרייאישע וואָרט „אשר", איז אַן עטימאָ־לאָגישער רעטעניש. טייל ווילן געפינען די אָפּשטאַמונג אין אַראַמעאיש „אתר", — אָרט, פּלאַץ. ווייל אין

כינעזיש (!!) האָט דאָס וואָרט „זא", בײדע טײטשן, „פלאַץ" און „װעלכער".

פֿאַרשטײט זיך, אַז אַנדערע האָבּן געזוכט אַנדערע דערקלערונגען.

אָבּער עס איז קײנעם קײן ספק ניט, אַז דער העבּרײ־אישער ש' איז דאָס זעלבּיקע װאָס דער פֿיניקישער ש, אָדער אש. און אַנדערע װילן האָבּן, אַז אורשפּרינג־לאַך איז די פֿאָרם געװען טאַקע בּלױז ש', און דערפֿון איז געװאָרן אין פֿיניקיש „אַש", און אין העבּרײאיש „אשר". *)

דער ש' דערפֿאַר, איז קאַנטיק ניט קײן סימן אויף אַ שפּעטערדיקער צײט. דאָס האָט גאָר ניט צו טאָן מיט אַראַמעאישען אײנפֿלוס, און גאַנץ מעגלאַך אַז עס איז גאָר די אורשפּרינגלאַכע פֿאָרם, װאָס איז שפּעטער װינציקער בּאַנוצט געװאָרן — ספּעציעל בּײ געװיסע שבטים, און אין געװיסע פּראָװינצן, און האָט דערנאָך צוריקגעװאונען קראַפֿט, איז אויפגעשטאַנען תּחיית המתים, און געװאָרן אַ פֿאָרם פֿאַר זיך אַלײן.

אין דער געשיכטע פֿון װערטער אין פֿאַרשידענע שפּראַכן איז דאָס לגמרי ניט קײן פֿענאָמענאַלע דער־שײנונג.

דעם כּלומרשט שפּעטערדיקן אָדער אַראַמעאישן ש' געפֿינען מיר אין די לעצטע ספרים, „דברי הימים", „עזרא" און „נחמיה", װאָס האָבּן צוזאַמען 2344 פּסוקים — בּסך הכּל נאָר דרײ מאָל.

דערפֿאַר, אין די עלטסטע דאָקומענטן פֿון שופטים, האָבּן מיר אַזעלכע פֿאָרמען, װי „שאתה מדבּר עמי", (ו, י"ז) „כּחול שעל שפת הים" (ז, י"ב), און אין מלכים האָבּן מיר „מי משלנו" (מ"ב, ו, י"א).

ש' װערט כּסדר בּאַנוצט אין שיר השירים (אויסער

---

*) זע געזעניוס, ז. 466 א.װ., אויך W. Wright, Comparative Grammar of the Semitic Languages. קײמבּרידזש, 1890, ז. 118 א.װ.

אין דער איבערשריפט „אשר לשלמה״, וואס קאָן שטאַ־מען דוקא פון א שפּעטערדיקן רעדאקטאָר). מיר באַגעגע־נען עס פיר מאָל אין די פינף קאַפּיטלאַך פון איכה (154 פסוקים) און גאַנצע דריי מאָל אין די פיר קורצע קאַ־פּיטלאַך פון יונה (48 פסוקים). און אין יונה געפינען מיר אַזעלכע פאָרמען, ווי „בשלמי הרעה הזאת״ (א, ז,) „בשלי הסער״ (א, י״ב) „שבן־לילה היה״ (ד, י).

עס איז אמת, אַז אַפילו אונזער אברהם כהנא באַנוצט דאָס אַלס באַווייז, אַז יונה איז געשריבן געוואָרן אין אַ שפּעטערדיקער צייט. מיר קאָנען צו אים קיין טענה ניט האָבן, זיין קאָמענטאַר ווערט דאָך עפּעס אָנגערופן „פּירוש מדעי״, האָט ער זיך ניט גע־קאָנט העלפן. אָבער עס איז קענן יעדער לאָגיק צו גלויבן, אַז נאָך דעם וואָס נווה איז שוין געווען געפאַלן און פאַרניכטעט (אַ זאַך וואָס האָט אָנגעמאכט אזא רושם ביי אידן, אַז נחום און צפניה האָבן איבער דעם פאַל אָנגעשריבן זייערע מערקווירדיקע נביאות), זאָל מען ביי אידן האָבן געגאַנגען אָנשרייבן אַ מעשה, ווי אַזוי נווה איז ניצול געוואָרן פון פאַרניכטונג.

אויסער דעם איז קלאָר, אַז ווען דער נביא נחום זאָגט אין צווייטן פסוק פון זיין נבואה איבער נווהס פאַל: „ה׳ ארך אפים . . . ונקה לא ינקה״, באַציט ער זיך אויף די ווערטער פון יונה (ד, ב), אַז גאָט וועט נווה ניט אומברענגען, ווייל ער איז אַן ארך אפים. דאַרויף זאָגט נחום: גאָט מעג זיך זיין אַן ארך אפים, ער קאָן לאַנג וואַרטן, אָבער ענדליך מוז דער פסק קומען (זע דעם קאָמענטאַר פון ע. ב. פּוסעי, צו נחום).

און אויב דאָס איז אַזוי, האָבן מיר פון יונה אַ זייער אינטערעסאַנטע אילוסטראַציע וועגן דער באַנוצונג אין העברייאיש פון אַ פאָרם וואָס די ביבל־קריטיקער האָבן דערפון געמאַכט אַ גאַנצן צימעס.

קהלת זאָגט: אני קהלת הייתי מלך — איך בין געווען אַ מלך.

הייסט עס כלומרשט, אַז ווען ער שרייבט דאָס בוך, איז ער ניט קיין מלך.

די אגדה האָט אויף דעם גדרשנט, אָבער וויסנ־שאַפטסמענער האָבן געקאָנט פאַרשטיין, אַז ווען אַ מענטש וואָס האָט געקיניגט פערציק יאָר, שרייבט אין זיינע אַלטע יאָרן, איז דאָס דער פּאַסיקסטער אויס־דרוק פאַר אים. אָבער לאָמיר אַוועקלייגן לאָגיק.

מיר זעען דאָס אייגענע אין בוך יונה. ווען עס רעדט זיך וועגן נְנוה, ווערט דערציילט: „ונְנוה היתה עיר גדולה לאלהים" (ג' ג'), נְנוה איז געווען אַ גרויסע שטאָט. עס שיינט אַז דאָס איז דערפאַר, ווייל באַלד דערנאָך קומט אַ ווערב אין דער פאַרגאַנ־גענער צייט: „ויחל יונה". עס האָט זיך ניט געשיקט צו ריידן צום ערשטן אין דער געגנוואַרט און דערנאָך איבערגיין צו דער פאַרגאַנגענהייט. און דאָס זעלבע איז דער פאַל אין קהלת — נאָך דעם „הייתי", שטייט „ונתתי את לבי".

אָבער אום גענוי ריכטיק צו פאַרשטיין די באַדיי־טונג פון ווערטער ווי „הייתי" „היתה" א.ד.ג. אין העברייאיש, מוז מען באַגרייפן אָט וואָס:

ווי באַקאַנט, אום צו באַצייכנען דאָס אַ געוויסע טע־טיקייט איז פאָרגעקומען אין פאַרלויף פון אַ לענגערע צייט, לייגט מען צו אין העברייאיש „היה" (זע געזעניוס־קויטש, אקספארד, 1898, ז. 377)

דאָס הייסט אָבער ניט אַז די טעטיקייט איז שוין געענדיקט און קומט מער ניט פאָר. די טעטיקייט קאָן אויך יעצט אָנגיין ווי אין דער פאַרגאַנגנהייט.

אום דאָס צו באַווייזן, איז גענוג צו ברייננגען די פאָלגענדע צוויי פסוקים:

משה רבינו זאָגט צום פאָלק: הן ב ע ו ד נ י חי עמכם ה י ו ם, ממרים ה י י ת ם. (דברים, ל"א, כ"ז).

ווען גרשם ווערט געבוירן אין מדין, גיט אים משה

אַ נאָמען: גרשם. כי אמר גר הייתי בארץ נכריה, (שמות, ב׳ כ״ב; י״ח, ג׳).

מיר האָבן זיך אביסל לייגגער אָפּגעשטעלט אויף דעם געברויך פון ש׳ אנשטאָט אשר, ווייל עס ווייזט, אַז אויך בּיי ווּיסנשאַפטסמענער קאָנען געבוירן ווערן און זיך איינוואָרצלען בּבא-מעשיות, באַגרינדעט אויף ווינט, ניט געשטויגן, ניט געפלויגן.

מערקווירדיק, וואָס אַן ערנסטער פאָרשער ווי דרייווער באַנוצט זיך אין זיין איינלייטונג צום תנ״ך מיטן ארגומענט פון ש׳, גאַנצע צען מאָל, (זע דעם זוכצעטל פון זיין ווערק), הגם איינמאָל אין אַן אָנמערקונג (צו ז. 229, עדינבורג, 1898), זאָגט ער: „עס זאָל דערקלערט ווערן, כדי אויסצומיידן מיספארשטענדנישן, אַז ש׳ אליין איז ניט אַראַמעאיש, עס איז אָבער אויך ניט נאָרמאַל העברייאיש״.

פרעגט זיך דערפאַר — אם כן, אויב עס איז יאָ אזוי, טאָ למה רגשו גויים?

צו פאַרשטיין אַז קהלת מיט זיין וואָרט-אוצר, פראַזעאָלאָגיע און סטיל האָט געקאָנט געשריבן ווערן אין שלמהס צייטן, מיינט דעריבער ניט, ווי דעליטש האָט געוואָלט האָבן, אַז מיר קאָנען מער ניט האָבן קיין געשיכטע פון דער העברייאישער שפּראַך. פאַרקערט — דאָס העלפט אונז בעסער צו פאַרשטיין די געשיכטע פון דער העברייאישער שפּראַך, און דערקאָנען איר אָרט צווישן די אַנדערע סעמיטישע שפּראַכן.

אַז די אזוי גערופענע „אַראַמעאיזמען״, וואָס זאָלן ווייזן אויף אַ שפּעטערצייט, קאָנען גאָר זיין אַרכאַאיזמען, און קאָנען להיפך אפשר באַווייזן אַן אַלטע אָפּשטאַמונג, אין דעם קאָנען מיר זיך איבערצייגן פון די פאָלגנדיקע באַטראַכטונגען:

מען וויל, למשל, אין דעם אויסדרוק „בן חורים״, אין קהלת, י, 17. זען אַ שפּעטן אַראַמעאישן אויסדרוק.

באמת אבער ווייזט אונז דער דאָזיקער אויסדרוק, אז מיר מוזן צוריקגיין צו אַן אלטער צייט.

„בן־חורים" אין די אלטע צייטן האָט געמוזט הייסן אַ מענטש וואָס האָט געשטאמט פון אַ משפחה פון חורים, (זע צ.ב. מלכים א, כ"א, 11) פון נאָבל־לייט. שפּעטער איז דאָס וואָרט דעגענערירט געוואָרן, צו באצייכענען יעדן מענטש וואָס איז ניט געווען קיין קנעכט. אַזוי פּאַסירט עס אין יעדער שפּראך. דאָס זעלבע איז אויך געווען מיט דעם ענגלישן וואָרט „דזשענטעלמאן"*).

קהלת האָט געווים ניט מקנא געווען אַ לאַנד, וואו דער קעניג איז ניט קיין קנעכט, נאָר אַ פריי־געבוירענער.

זיין א־דעאל איז געווען דער עקסטרימער קעגנזאַץ פון אַ קנעכט — אַ מלך וואָס שטאַמט פון אַ נאָבעלער משפחה, פון די חורי הארץ.

דער אויסדרוק „בן־חורים" אין קהלת אין אַזאַ זין ווייזט דעריבער ניט אויף אַ שפּעטע צייט, נאָר דוקא להיפך אויף אַ גאַנץ אַלטער אָפּשטאַמונג.

עס מוז אויך דערמאַנט ווערן, דאָס אויך אין אדום האָבן די נאָבעל־לייט געהייסן „חורים". (זע ישעיה ל"ד, י"ב. און ווי באקאַנט ווערן די הארן פון יעדן לאַנד אין תנ"ך אָנגערופן מיטן טערמין וואָס איז באנוצט געוואָרן אין זייער אייגען לשון. ווי סרני פלשתים" אַ שטייגער.) „חורים" מוז דעריבער באטראכט ווערן אַלס אַן אלגע־מיין סעמיטישער טערמין, און עס איז ניטאָ קיין שום גרונד עס צו באצייכענען אלס ספּעציפיש אראמייאיש.

* *
*

אויף פסוק ט' 6, אשר הצדיקים והחכמים ועבדיהם ביד האלהים, איז ניט ווי געהעריג פאַרשטאַנען געוואָרן; פון פיל, און דעריבער האָבן זיי געטייטשט ועבדיהם — זייערע ווערק, זייערע מעשים. ד.ה. אַז די צדיקים און

*) Words: their use and abuse. W. Mathews. Chicago. 1884, p. 97-99.

די חכמים און זייערע מעשים זענען אין די הענט פון גאָט.

און פון דעם טייטש זענען אַרויסגעקומען צוויי זאכן: ערשטנס — נאָך אַן אַראַמעאיש וואָרט אין קהלת, און צווייטנס — אַ באַווייז דאָס קהלת גלויבט ניט אין דעם, אַז דער מענטש זאָל האָבן אַ פרייען ווילן.

דער פשוטער פשט איז אָבער שטענדיק דער בעסטער, און עבדיהם — הייסט פשוט: זייערע קנעכט.

אום דעם זין ווי געהעריק צו פאַרשטיין, מוזן מיר קומען צו דער אינטערעסאַנטער באַאָבאַכטונג, ווי אין דער שפּראַך פון יעדן פאָלק און יעדן דור שפּיגלען זיך אָפּ און ווערן פּרעזערווירט ניט נאָר זייער לעבנס-שטייגער, נאָר אויך זייער לעבנס פילאָזאָפיע.

אין אַלט-העברייאיש זענען די ווערטער: רייך, קלוג און האַר — געוועזן סינאָנימען.

דאָס זעלבע זענען סינאָנים די ווערטער קנעכט און נאַר.

דאָ שפּיגלען זיך אָפּ די פּרימיטיווע באַגריפן און דער לעבנסשטייגער פון דער אור-אַלטער צייט פון די שופטים, ווען אַ מענטש האָט דערגרייכט צו רייכטום און הער-שאַפט נאָר דורך זיין חכמה.

און זיין פאַרמעגן און פרייהייט האָט אַ מענטש פאַרלאָרן נאָך דורך נאַרישע צולאָזנקייט און פאַרברעכן.

פון איין זייט שטייען די חכמים, צדיקים און האַרן, און פון דער אנדער זייט שטייען די מיזעראַבלע קנעכט, — נאַרן און רשעים.

אין די ווייטערע פסוקים פון קהלת (י, 5-7) שטייען פון איין זייט דער סכל און די עבדים, און פון דער אנדער זייט — די עשירים און שרים. נתן הסכל במרומים רבים, ועשירים — בשפל ישבו. ראיתי עבדים על סוסים, ושרים הולכים כעבדים על הארץ.

גרעטץ און ערליך ווילן לעזן „השפל" אַנ-שטאָט „הסכל". פּראָפעסאָר טאָי אין דער בריטישער

ענציקלאָפּעדיע וויל לעזן „המסכן" אַנשטאָט „הסכל", אָבער עס איז קלאָר, אַז דאָס אַלץ איז אונזיניק און פאַר־דאַרבּט די שיינע מליצה פון די פסוקים.

דעם שליסעל געפינען מיר אין משלי:

י"א, כ"ט: עבד אויל לחכם לב.

ח, ט"ו: בּי מלכים ימלוכו, בּי שרים ישורו. (אַזוי רופט אוים די חכמה).

י"ד, כ"ט: עטרת חכמים — עשרם.

י"ט, יו"ד: לא נאה לכסיל תענוג. אף כי לעבד (דאָס זעלבּע וואָס כסיל) משול בּשרים. (עס פאַסט ניט קיין פריידהייט און לוקסוס פאַר דעם נאַר, מכל־שכן פּאַסט ניט, אַז ער זאָל הערשן איבּער הארן־חכמים). כסיל און עבד זעען מיר דאָ אַלס סינאָנימע ווערטער.

אין שפּעטערע צייטן, אין די טעג פון די מלכים, ווען שטאָדט לעבּן האָט אָנגעהויבּן צו בּאַהערשן דאָס לאַנד, זיינען די בּאַדינגונגען, די אַנשויאונגען, און מיט זיי די שפּראַך, געענדערט געוואָרן.

דער נביא מיכה שרייט אויף די רייכע וואָס זיינען פול מיט רויבּ (ו, י"בּ).

און רענאַן בּאַשרייבּט עס קורץ און שאַרף: „די נביאים, די אויסערגעוויינטליך דרייסטע פאָלקס־טריבּונען, האָבּן אָרגאַניש פאַרבּונדן די בּאַגריפן: רייכטום, זינד, פאַרבּרעכן און גוואַלדטאָט פון איין זייט, און די בּאַגריפן: אָרימקייט, גוטסקייט, עניוות און פרומקייט פון דער אַנ־דער זייט."

אָבּער אַזאַ ענדערונג אין לעבּן, אנשויאונג און שפּראַך האָט ניט געקאָנט פּאַרקומען איבּערנאַכט. עס האָט גע־נומען דערצו אַ לאַנגע צייט. שלמה, ווייזט אוים, האָט גע־לעבּט אין דעם איבּערגאַנגס־פּעריאָד.

און ווען מען בּאַטראַכט נעענטער און גענויער די ערשטע קוואַלן, זעט מען, אַז צום ערשטן האָט מען זיך אָנגעהויבּן בּאַציען מיט סימפּאַטיע און מיטגעפיל צום אָרימאַן און זעען אין אים אַ בּחנמדיקן קרבּן, און ערשט

שפּעטער, נאָך דורות פון נביאים, איז רייכקייט געוואָרן א סימבאָל פון אונטערדריקונג און גוואַלדטאַט.

* *
*

קהלת האָט זיך זייער שאַרף אויסגעשפּראָכן קעגן פרויען; הגם אין גרונט גענומען, האָט ער ניט געהאַט קיין צו גוטע מיינונג אויך איבער די מיטגלידער פון זיין אייגן געשלעכט.

איך זע ניט קיין שום חילוק, צי מען געפינט איינעם נאָר אין טויזנט, אָדער איינע אפילו ניט אין א טויזנט.

די מעשה איז אָבער, וואָס יעדער מאַן רעדט זיך זיך איין, אַז ער איז דאָס דער איינער פון די טויזנט, וואָס שלמה האָט אַנטדעקט . . . די פרויען, אָבער, קאָנען ליידער די טרייסט ניט האָבן.

איך וויל אָבער האָפן, אַז זיי וועלן גוטמוטיק מוחל זיין דעם אַלטן קעניג־פילאָזאָף, וואָס אין א פּאָליגאַמיס־טישן דור, האָט ער געראַטן דעם מענטש:

„לעב אָפּ צופרידן דיינע פּאָר יאָר, דיר פון גאָט געשאָנקען, מיט דער פרוי וואָס עס ליבט דיין הארץ”. . .

רענאַן איז אפשר דאָך געווען גערעכט, ווען ער זאָגט: „קהלת באַרעדט צופיל די פרויען, אַנדערש ניט, נאָר ער האָט זיי געמוזט אויך צופיל ליב האָבן”.

“L’auteur dit trop de mal des femmes pour ne les avoir pas beaucoup aimées.”

* *
*

עס איז אפשר נאָך כדאי אויפמערקזאַם צו מאַכן אויף א קליינעם פּונקט, וואָס קאָן זיין זעהר וויכטיק.

דער נאָמען קהלת, אָדער הקהלת, איז אַביסל מערקווירדיק.

טייל האָבן זיך ניט געוואָלט באַמיען און האָבן דעם נאָמען געגומען און איבערגעמאַכט.

אַנדערע האָבן אָבער אָנגעוויזן, אַז אין עזרא ב, 55, 57, און אין נחמיה ז, 57, 59, געפינט מען ענליכע נעמען, ווי בני פוכרת, אויך בני סופרת, אָדער הסופרת.

זיי ברענגען אָבער די שטעלן ווי צו באַווייזן, אַז אַזאַ פאָרם פון אַ נאָמען איז אַ שפּעטע, ווייל זי געפינט זיך אין עזרא און נחמיה. זיי האָבן אָבער פאַרשוויגן דעם פאַקט, אַז דאָס זיינען נעמען פון משפּחות פון די „ע ב ד י ש ל מ ה“. עס זענען נעמען פון אַלטע משפּחות פון קנעכט פון שלמהס הויז.

איז עס באמת נאָר אַ צופאַל, וואָס אַזאַ פאָרם פון נעמען זאָל זיך האָבן פאַרהיט פּונקט פון שלמהס צייטן?

דער טייטש פון נאָמען „קהלת“, איז דער זעלבער וואָס פון נאָמען „קהת“. (זע מדרש בראשית רבה, פצ״ט: ולו יקהת עמים, מי שאומות העולם מתקהלין עליו.) עס איז אויך געווען אַן אָרט מיט׳ן נאָמען „קהלתה“. (במדבר, ל״ג, 22).

* *
*

מיט אַ דרייסיק יאָר צוריק איז אַנטדעקט געוואָרן אין דער גניזה פון קאַירא אַ העברייאישער טעקסט פון אַ גרויסן טייל פונם בוך בן-סירא, דאָס בוך וואָס איז פאַרפאַסט געוואָרן אין דער צייט פון צווייטן בית המקדש.

צו דער באַשטימונג פון אַ צייט, ווען קהלת האָט גע־קאָנט געשריבן ווערן, וואָלט אַזאַ אַנטדעקונג באַדאַרפט זיין אויסערגעוויינטליך וויכטיק. ווייל אָט איז אַ דאָקו־מענט מיט אַ פאַרהעלטניסמעסיג-באַשטימטן דאַטום, און פון דעם האָט באַדאַרפט זיין לייכט צו משפּטן יעדן אַנדערן דאָקומענט, צי איז ער פריער געשריבן געוואָרן, אָדער שפּעטער.

אַט לאָמיר באַטראַכטן בקיצור, וואָס די אנטדעקונג פון בן־סירא לערנט אונז:

בן־סירא איז געשריבן געוואָרן אַן ערך 250 יאָר פאַר'ן חורבן בית שני, און לויט אנדערע — 350 יאָר פאַרן חורבן.

עס מוז אונז אַפילו זייער וואונדערן, ווי אַזוי עס זאָל קאָנען זיין א ספק אין אַ בוך צי עס איז געשריבן געוואָרן אין יאָהר 350 פארן חורבן, ד.ה. ווען אידן האָבן ערשט אָנגעהויבן ארונטערפאַלן אונטער דעם איינפלוס פון דער מצריש־גריכישער השפעה, צי אין יאָר 250, ווען די גריכישע השפעה האָט שוין געהאט אָנגעמאכט גוואל־דיגע חורבנות אינם אידישן לעבן און איינגעשלונגען גאַנצע קלאַסן — און דערצו די מאסגעבנדע קלאסן — און דעם גאַנצן לעבנס־שטייגער געענדערט.

עקספערטן, האָבנדיק אין האַנט אַזאַ גרויס בוך ווי בן־סירא (קהלת האָט נאָר 12 קאפיטלאך, בן־סירא האָט 51), וואו דאָס אַלטעגלאַכע לעבן שפיגלט זיך כסדר אָפּ ווי אין אַ שפיגל, לויט דעם אויסדרוק פון אַן אויטאָריטעט, וואָלטן אַזאַ אונטערשייד אין צייט באַדאַרפט קאָנען דער־קאָנען אין פינף מינוט, אויב אַזאַ מבינות וואָלט באמת עפּעס אַ ווערט געהאט.

אין דער פאָררעדע צו בן־סירא, אין דער גרויסער אָקספאָרד אויסגאַבע פון די אפּאָקריפן, רעדאקטירט פון טשאַרלס, זאָגן די מחברים, אַז זיי געפעלט דער שפּעטערדיקער דאַטום פאַר דער פאַרפאַסונג פון בן־סירא בעסער. איינער פון זייערע טעמים איז, אַז מען זעט אין בן־סירא ווי דאָס לעבן איז געווען באַאיינפלוסט פון די גריכן, ווי אַ שטייגער דאָס באנוצן מוזיק ביים טרינ־קען וויין.

וויפיל אַזאַ „וויסנשאפט" איז ווערט, איז גענוג צו דערמאָנען, אַז שוין אין ישעיה ה' 12 שטייט: „והיה כנור ונבל, תף וחליל ויין משתיהם"; און אין ישעיה כ"ד, 9: „בשיר לא ישתו יין.". זע אויך עמוס, ו, 5 און

6. בן־סירא שרייט ניט אויף דעם דאָזיקן מנהג ווי עס טוט אַ ישעיה, אָדער אַ עמוס, ווייל ער איז ניט קיין נביא, נאָר אַ ייד וואָס חכמט זיך.

מען מוז אויך געדענקען, אַז דער מחבר־ם אייניקל באַמיט זיך מיט כל הכחות אונז אָנצוגעבן די גענויע צייט ווען דער ספר איז געשריבן געוואָרען, און דאָך ווייסן מיר פון אַלע זיינע סמנים לגמרי גאָרניט.

יעדנפאַלס, בן־סירא איז געשריבן געוואָרן פאַר דער חשמונאים צייט.

איז אָבער דער אנטדעקטער טעקסט דער אָריגינאַל?

ווען די טעקסטן זיינען אַנטדעקט געוואָרן, האָבן זיך אַלע מיט זיי געפרייט ווי מיט אָריגינאַלן, דערנאָך איז אָבער דר. מרגליות אַרויס צו באַווייזן אַז עס איז ניט מער ווי אַן איבערזעצונג פון אַן איבערזעצונג.

מיט אים זיינען מסכים דר. צבי פּרץ חיות און אַנדערע.

דר. ש. מרגליות שרייבט:

„די דאָזיקע אנטדעקונג האָט געגעבן דער ביבל־קריטיק דעם שטאַרקסטען קלאַפּ, וואָס זי האָט ווען עס איז אַמאָל געקראָגן, אָדער וואָס זי קאָן אַמאָל קריגן. ווען איינער וועט נאָכאַמאָל זיך אונטערנעמען צו צוגלי־דערן ישעיה, וועלן קינדער אין די גאַסן אים נאָכ־שרייען: איר, חברה, וואָס קאָנט אייך טועה זיין אין גאַנצע דרייצן הונדערט יאָר, ווען מען ווייזט אייך אַ דאָקומענט, ווי וואַגט איר צו משפּטן איבער די נביאים און איבער תהלים?"

דאָס רוב פאָרשער זיינען אָבער קעגן מרגליותן און גלויבן, אַז דער אַנטדעקטער טעקסט, איז דער אָריגינאַל.

דר. נעלדעקע (Expoistor 1897) זאָגט, אַז עס איז שווער צו גלויבן, אַז אַזאַ העברייאיש זאָל קאָנען האָבן געשריבן געוואָרן ביים סוף פון דעם קלאַסישן פּעריאָד, אָדער אין מיטלאַלטער.

פּראָפ. שעכטער, דער פאָטער און סנדק פונם אַנט־

דעקטן בן־סירא, איז אָבער מודה, אַז בן־זאב, וואָס האָט איבערזעצט בן־סירא פון אַן איבערזעצונג איין און צוואַנציק הונדערט יאָר נאָך בן־סיראן, האָט געשריבן אַ ריינערן העברייאיש ווי דער, וואָס מיר געפינען אין דעם ניי־אַנטדעקטן בן־סירא

שוועריקייטן זיינען געווים דאָ גרויסע. עס איז גענוג אָנצעווייזן, אַז אום ווי עס איז ארויסצוקריכן פון די שוועריקייטן, איז מען געקומען מיט אַ השערה, אַז בן סירא זאָל האָבן געשריבן עטלאכע נוסחאות פון זיין ספר. (זע דר. בן־ציון האלפער, התקופה, ב. 19, ז. 272, אויך דעם ארטיקל אין דער יידיש־ענגלישער ענציקלאָ־פעדיע איבער בן־סירא).

דאָס איז גענוג צו באַווייזן, ווי אומבאַהאָלפן מיר זיינען דאָ.

נאָר לאָמיר אָננעמען אַז דער אנטדעקטער בן־סירא איז אַן אָריגינאַל, וואָס זיינען זיינע כאַראַקטעריסטישע שטריכן?

לאָמיר הערן וואָס שעכטער זאָגט.

שעכטער באַווייזט, אַז בן־סיראס סטיל איז ניט קיין סטיל פון איינעם, וואָס שרייבט אין זיין נאַטיר־ליכן נוסח. ס'איז דער נוסח פון איינעם וואָס איז אַ באַוואוסטזיניקער נאָכאַהמער.

בן־סירא באַנוצט זיך כסדר מיט פראַזעס, אידיאָמס, כאַראַקטעריסטישע אויסדרוקן און אפילו מיט גאַנצע זאַצן גענומען פון די פאַרשידענע ביכער פון תנ"ך.

(Phrases, idioms, typical expressions, and even whole verses about which there can be no reasonable doubt that they were either suggested to him by or directly copied from the Scriptures.)

דאָס הייסט: מען האָט שוין דאמאָלט גוט געקאָנט דעם גאַנצן תנ"ך, און שרייבנדיק האָט מען זיך באַנוצט מיט די אלטע, אַלעמען באַקאַנטע אויסדרוקן און מליצות, אָפטמאָל געבענדיג זיי א נייע כוונה אָדער קנייטש, וואָס עס איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר די שפּעטער־דיקע פּייטנים.

אין בן־סירא שטעקן שוין עלעמענטן אפילו פון אגדה און מדרש.

דער קיצור פון שעכטערס אָפּהאַנדלונג איז:

If he thought like a Rabbi, he wrote like a paitan.

רבי ישראל הלוי אין זיין ארטיקל איבער בן־סירא אין דער אידיש־ענגלישער ענציקלאָפּעדיע פירט אוים:

„די אייגנשאַפטן פון בן־סירא ווייזן אָן אויף א צייט, ווען אָריגינאַליטעט און נאַטירליכקייט זיינען פאַרשוואונדן, זייער אָרט האָט פאַרנומען פּעדאַנטיזם, קאָנווענציע און געקינסטליכקייט".

"These qualities denote a period when spontaneity and originality were replaced by pedantry, conventionality and artificiality.'

פון די אלע כאראקטעריסטיקס פון בן־סיראס סטיל איז קהלת ווייט כרחוק מזרח ממערב. יעדער מענטש אָן א פּאַראורטייל קאָן זיך יעצט דעריבער אליין משער זיין וויפיל הונדערטער יאָרן עס האָבן געמוזט אריבער־לויפן פון קהלת ביז בן־סירא.



* *
*

עס איז ניט דער מיין צו געבן דאָ א ביבליאָגראַ־פישע, אָדער קריטישע אָבהאנדלונג פון די יידישע קהלת איבערזעצונגען. צו דעם וואָלט מען באדארפט ווידמען א ספּעציעלע ארבעט.

דאָ וועלן אפילו ניט געגעבן ווערן אויסצוגן פון אלע עקזיסטירנדיקע איבערזעצונגען.

די פינף און צוואנציק איבערזעצונגען פון די ערשטע דריי פּסוקים פון קהלת וואָס מיר גיבן דאָ, וועלן, ווי מיר האָפן, אילוסטרירן די אַנטוויקלונג פון דער יידי־שער שפּראך, אין סטיל און אויסלייג, אויך די פארשי־דענע מעטאָדן פון די איבערזעצער.

עס איז פּשוט אן איבערראַשונג צו זען די גרויסע צאָל אידישע איבערזעצונגען אין פּראָזע און אין גראַם, על פּי פּשט, רמז, דרוש און סוד וואָס זענען געמאַכט גע־וואָרן זינט דעם 16טן יאָרהונדערט.

עס באווייזט אז עס איז געווען אן אינערלאַכע באציאונג און אויך א גרויסע מאס ליבשאפט צו דער ארבעט. מען האָט זיך ניט באנוגנט מיט דעם 'איבער־דרוקן עקזיסטירנדיקע איבערזעצונגען, נאָר פון צייט צו צייט האָבן זיך געפונען מענטשן וואָס האָבן אויפסניי פּרובירט זייערע אייגענע כחות אויף דער ארבעט.

די אנטוויקלונג געהט אָן, די עוואָלוציע קומט אָבער פאָר ניט אין א גלייכער און אויף אן אומאונטער־בראָכענער ליניע, נאָר דורך קאָנוואולסיעס. און זי מוז זיך גובר זיין איבער די איבערראשנדיקע רעאַקציעס, וואָס באווייזן זיך פון צייט צו צייט. אויפן שוועל פונם

צוואַנציקסטן יאָרהונדערט קערט מען פּלוצים צוריק אַפּילו צו גלאָסאַרן. די אָרטאָגראַפּיע אין צוואַנציקסטן יאָר ה. קערט אָפּט צוריק צו בּראשית. די אַמסטערדאַמער איבּערזעצונגען פון בּליץ און וויצנהויזן זעען אויס ממש „מאָדערן" אין פאַרגלייך מיט איבּערזעצונגען וואָס ווערן געמאַכט מיט צוויי הונדערט יאָר שפּעטער.

ניט האָבּנדיק, ווי געזאָגט, די כּוונה אויסצושעפּן דעם גאַנצן עקזיסטירנדיקן מאַטעריאַל, איז קיין אָנשטרענגונג ניט געמאַכט געוואָרן אויסצוזוכן אַלע מעגלאַכע איבּערזעצונגען. אויסער די בּיכער וואָס איך האָב אין מיין אייגענעם בּאַזיץ, האָב איך זיך בּאַנוצט מיט די ווערק וואָס געפינען זיך אין דער בּיבּליאָטעק פון דעם יידישן טעאָלאָגישן סעמינאַר אין ניו יאָרק, וואו איך האָבּ געפונען בּערך צוויי־דריטל פון די קוועלן, אויך מיט דער פּרעכטיקער אַלט־יידישער בּיכער־זאַמלונג פון ה. יודא א. יאָפּע אין דער זעלבּער שטאָט. איך בּאַנוץ זיך מיט דער יעצטיקער געלעגנהייט אויסצודריקן עפנטליך מיין האַרציקסטן דאַנק צו ה' יצחק ריבקינד אָן וועמענס הילף עס וואָלט מיר בּשום אופן ניט געווען מעגלאַך אויסצוגעפינען דעם גאַנצן מאַטעריאַל, און צו ה' יאַפּען פאַר דער פריינטלאַכער מיטהילף בּאַ דער אַרבּעט. איך האָבּ אָבּער אויסגעלאָזן בּכוונה די איבּערזעצונגען פון מיסיאָנערן, געמאַכט ניט דורך א אינערלאַכן יידישן דראַנג און פאַרלאַנג. עס זענען אויך ניט געקומען אין בּאַטראַכט דייטשע איבּערזעצונגען מיט יידישע אותיות, אויך די אַבּסאָליוטע דרשות־פּירושים, ווי דער נחלת־צבי, וואָס בּריינגט שטיקער זוהר, אָדער די „לקוטים יקרים", „פּנינים יקרים", משלי יעקב" א.ד.ג.

די איבּערזעצונגען געפינען זיך אין אויסגאַבּן פון תנ"ך אָדער חומש מיט מגלות, וואָס זענען דערשינען בּלויז אין יידיש, אדער אין העבּרעאיש מיט אַ יידישער איבּערזעצונג. קהלת איבּערזעצונגען געפינען זיך אויך אין די מחזורים פאַרן יום טוב סוכות. עס זענען אויך

פאַראַן ספּעציעלע אויסגאַבן פון קהלת מיט און אָן העברעאיש. אין קאַטאַלאָג פון דער באָדלעיאַנאַ איז פאַרצייכנט אין נומער 1223, קהלת אין יידיש פון דוד בן אהרן מחוקק, פראג, תס"ח, 1708, זע שולמאַן, שפת יהודית אשכנזית, ז. 30, דאָס דער ערשטער פסוק פאַנגט זיך אָן: דאַש זיין דיא שטראַפריד פון קהלת... (זע אויך „צייטשריפט" באַנד 1 אין אַרטיקל פון נ. שטיף ז. 141, א. וו. וועגן דעם קהלת מאַנוסקריפּט, אין דער באָד־לעיאַנע, און וויינרייך, „בילדער פון דער יידישער ליט. געשיכטע", ז. ז. 131, 114, וועגן דעם פּאַרמער כתב־יד פון קהלת). אָבער ווי געזאָגט, איז אונזער ציל ניט געווען צו געבן אַלץ, נאָר בלויז מוסטערן. *)

איך וויל אָבער צוגעבן אַז ניט נאָר האָט מען אי־בערגעזעצט קהלת, נאָר אפילו דער תרגום פון קהלת איז איבערגעזעצט געוואָרן, און איך וויל דאָ ציטירן דעם ערשטן פסוק לויט דעם אַבשריפט וואָס איך האָב ערהאַלטן פון פריינט פּראָפעסאָר ה. פּיק, פון דער קיי־זערליכער ביבליאָטעק אין בערלין.

דער לעזער וועט זעען אַז שוין דער תרגום איז גע־שטאַנען אויפן שטאַנדפונקט וואָס איך האָב זיך באַמיט צו באַווייזן, אַז שלמה האָט געשריבן קהלת, ווען ער האָט געזען „ברוח הקודש", אַז זיין זון רחבעם וועט זיך מוזן טיילן די מלוכה מיט ירבעמען, אַ זאַך וואָס וועט ענדליך פירן צום חורבן און צו גלות.

די איבערזעצונג איז געדרוקט געוואָרן אין פריי־בורג, אין דער דייטשער דרום פּראָווינץ בריסגויא, אין יאָר 1585. דער מחבר האָט געשריבן דעם ספר „עמק הלכה" און נאָך עטלאַכע ספרים. ער ווערט דער־מאָנט אין די רוסיש־אידישע און ענגליש־אידישע ענצי־קלאָפּעדיעס, וואו עס ווערט אויך געבראַכט די געהע־ריקע ביבליאָגראַפיע. אַזוי אָבער ווי די ספרים זיינען

*) די פּאָלסטע אָפּהאַנדלונג איבער יידישע איבערזע־צונגען פון תנ"ך איז דערווייל דאָס דייטשע ווערק פון וו. שטערק און א. לייטצמאַן, פראַנקפורט א.מ. 1923.

יקרי־המציאות און די שרייבער, ניט נאָכזעענדיק די קוועלן, האָבן געמאכט פארשידענע גרייזן, מאַך איך דעריבער אויפמערקזאם, אַז ווי עס שיינט, האָבן די שרייבער ניט געוואוסט דאָס יעקב איז דער שם הקודש פון קאָפּעלמאן, און שמואל איז דער שם הקודש פון בונם, (זע די ספרים איבער „שמות אנשים״, בנוגע הלכות גטין) פון דאַנען האָט זיך גענומען אַ פאַרדריי־עניש אין מחבר׳ים נאָמען, וועלכער איז געווען „יעקב בר׳ שמואל (אין העברייאיש) המכונה (אין יידיש) קאפלמן בר בונם״, געוועזן איז ער אליין ניט פון בריס־גויא ווי די ענגלישע ענציקלאָפּעדיע שרייבט נאָך פון אַנדערע, און ניט פון בריסק־דליטא ווי די רוסישע ענצי־קלאָפּעדיע גיט אָן, נאָר ווי ער שרייבט אליין בפירוש: „פון בריסק־דקויא״, אַ באַקאַנטע שטאָט אין דער פוילישער פּראָווינץ קויאַווא.

דעם ש״ך׳ס פאָטער ר׳ מאיר הכהן, וואָס האָט געלעבט אין יענער צייט, האָט אַ גאַנצע שאלה ותשובה אין ספר „גבורות אנשים״ וועגן אַ גט פון אַ משומד פון בריסק־דקויא, און ער שרייבט, אַז דאָס וואָס אין בריסק דליטא שרייבט מען דעם נאָמען פון דער שטאָדט ברסטי, „זה המנהג נתפשט שבני בריתינו היושבים שמה רובם מדברים בלשון רוסיא *) והיו קורין אותה העיר ברסטי... אבל בבריסק דקויא שם כל היהודים קורין אותה בריסק״.

ער האָט איבערגעזעצט ניט די פינף מגילות (ווי

*) דער קאזשניצער מגיד דערציילט אין זיין ספר „דעת משה״, פרשת תרומה, אין נאָמען פון זיין פאָטער, אַז די מוטער פון ר׳ שמואל קאידאַנאָווער, מחבר פון ברכת הזבח און אַנדערע ספרים, (געב. 1614), האָט ניט געקאָנט דאַווענען, אָבער ביים ליכט־בענטשן פלעגט זי מתפלל זיין אויף רוסיש אַז איר זון זאָל זיין אַ תלמיד־חכם.

עס זאָגט די ענגלישע ענצ.) נאָך דעם תרגום פון די המש מגילות „גידייטשט אונ׳גיריימט״*).

און אָט ווי עס לעזט זיך ביי אים דער ערשטער פסוק:

„דיא נבואה דיא שלמה בן דוד מלך ישראל האָט געזאָגט:

דאָ ער זאך בנבואה דז זיין זון רחבעם ווערט מיט ירבעם דאָש מלכות מיזן טיילן דאָ האָט ער דריבר גישריען אונ׳ גיקלאָגט:

ער שר ע נאָך ויל מער דאָ ער זאך דאָש בית המקדש ווערט חרב ווערן אונ׳ ישראל ווערט קומן אין דאָש גלות היניין;

דאָ שפראך ער אלש וואָש איך האָב צו וועגן גיבראכט איז אייטל נארהייט, אך אַלש דאָש דאָ האָט צו וועגן בראכט דוד דער ואטר מיין.

---

*) דרך אגב: ניט קוקענדיק אויף אַלעם וואס דר. וויינ־רייך שרייבט אין זיינע „שטאפּלען״ (ז. 20-218), האלט איך זיך ביי דאָס מייניקע, אז דאָס וואָרט „ראָם״, אין דער רע־דענס־ארט „אָן טעם און אָן ראָם״, איז דער טייטש: ריים־גראָם.

אברהם טענדלוי, נומער 734 פון זיין זאמלונג פון אלט־יידישע שפּריכווערטער, ברענגט א שפּריכווארט וואס איז וואָרט פאר וואָרט איבערגעזעצט פון פראנצויז, און דאָרט האָבן מיר אין יידיש „אָן טעם און אָן ראָם״ אנשטאָט דאָס פראנצויזישע sans rime et sans raison.

אויך אויף ענגליש זאָגט מען: "neither rhyme nor reason"

א. הארקאווי אין זיין ווערטערבוך, ברענגט גלאַט סתם — „אָן טעם, אָן גראָם״.

וויינרייך׳ס איפּטו אז „ראָם״ איז דאָס דייטשע: ראהם — סמעטענע, איז פון יענע אויבערשפּיצלאך פון וועלכע א פּאַרשער מוז זיך היטן ווי א פויגל פון א מציאָה וואס ער געפינט הפקר אין... א נעץ.

רעפּראָדוצירט פון דעם ערשטן טייטש־חומש, אַרויסגעגעבן דורך אַ אידן. געדרוקט אין קרעמאָנע (איטאַליע) אין יאָר 1560. צום סוף פּפר לייענען מיר :

,,נשלם זאת מלאכת הקדש היום ערב פסח לניסן החדש שנת שין כ׳ לפ״ק פה קרימונה לפרשת בזאת יבא אל הקדש.

בשמי ומהוני צעיר התלמידים תולעת ולא איש יהודה בר משה נפתלי ז״ל הנקרא ליב ברעש.״

דער דאָזיקער אויסגאַב, אַן עקזעמפּליאַר פון וועלכן געפינט זיך אין דער ביבליאָטעק פון דעם אידיש־טעאָלאָגישען סעמינאַר אין ניו יאָרק, איז זייער אַ זעלטענער. שולמאַן שרייבט :

,,והנה קצרה ידנו להשיג את ההוצאה הראשונה (הקרימונית) למרות כל עמלנו, גם בידי די רוסי, כנראה, היתה רק ההוצאה הבזילית״.

צוליב טעכנישע סבות האָבן מיר דעם בלאַט רעפּראָדוצירט מיט ווייסע אותיות.

.1

# קרעמאנער טייטש-חומש

שי״ן כ׳ לפ״ק, 1560

המשה הומשי תורה עם קצת פירוש רש״י ועם ההפטרות אחר כל סדרא וסדרא וגם ההפטרות מהמועדים וחמש מגילות ולמן היום הוסדה עד עתה לא נמצא ולא נראה מלאכת הקדש כזה. בשם המשתחוה תחת הדום כפות רגלי התלמידים יהודה בן לא״א משה נפתלי ז״ל מקרעם (אין דעם באדלעיאנע קאט, פון שטיינשניידער, ז. 1361 נומער 5748 שטייט: „מקרטס״, דאָס איז אָבער אַ גרייז). הנקרא ליב ברעש פה קרימונה אשר תחת ממשלת אדונינו המלך פיליפו יר״ה. ערב פסח שנת ופרשת בזאת יבא אהרן אל הקדש בפר. ע״י וויצענץ קונטי ובביתו.

דברי דיז אישט ריד דער שטראָפונג בון שלמה המלך דער דאָ היש קהלת, ער וואר זון דוד דר וואר איין קויניג אין ירושלים, די דאָ אישט איין שטט בון קלוגהאָט: הבל טורהייט טורהייט ער האָט גיזייט 1) קהלת טורהייט טורהייט דאָ אלש אישט טורהייט, מה ווש אישט איין גיווין צו דען מענשן אין אַל זיינר ערבייט דז עש ערבייט אן שטט דער תורה די דאָ אישט גיגליכן צו דער זונן.

רש״י: דברי קהלת ער הישא דרום קהלת ווארום קהלת זיין פור טוייטצן איז זאמלונג אזוי ער אוייך זאמילט ויל קלוגהייט איין נאָך מער אל זייני ריד וואר פור דעם קהל.

אינטערעסאנט זענען די ווערטער אין דער הקדמה דאָס

---

1) זע „צייטשריפט״, בוך 1, מינסק 1926. נ. שטיפּס אָנמערקונג צו אליהו בחורים ליד „המבדיל״ ז. 154:
Seit — מה״ד נעבענפּאַרם צו „זאָגט״.

מחמת די מענער זענען ניט קיין גרויסע לומדים, קאָנען אַליין ניט לערנען און שעמען זיך צו לערנען בײַ אַ רבין, קומט אַרויס נאָך אַ צרה: „די ווײַבער און' בחורות און' פּוילצילש"2) זעענדיק דאָס די מענער לערנען ניט, „דאַ לערנן זיא אויך ניט".

.2

## באר משה

פון משה בן יששכר הלוי שערטילש (אָדער — שערטלן סג"ל).

גלאָסאַר צו תורה און מגלות
פּראַג, שס"ה — 1605

דברי' קהלת שטרוף ריד פון שלמה המלך דער
דאָ ה׳יש קהלת
הבל טורהייט
מה יתרון, וואָס איז געווין אָדר איבריג
עמלו זיינר ערביט
שיעמול, דאַז ער ערביט
תחת השמש, אָן שטאַט דער תורה די איז געגליכן
צו דער זונן."

שולמאַן, ז. 119 שרייבט דאָס דער „באר־משה" איז געדרוקט געוואָרן אין יאָר 1695. עס איז אָבער אַ דרוק־פעלער. ווי בכלל איז דער דאָזיקער מערקווירדיק רייכער ספר־במעט ווערטלאָז איבער דער אויסערגעוויינלאַכער צאָל דרוק־פעלערן.

2. פּוילציל, פּולציל, פּילצל־בתולה. איטאַליעניש Pulcella, זע שטיופּס אנמערקונג צום דערמאָנטן ליד xı, 2. ניט ווי ש. אסף, לתולדות החינוך, ז. מ. דאָס עס איז פונם פראַנצויזישן Pucelles' די ריכטיגע העברעאישע איבערזעצונג איז ניט „העלמות הצעירות" נאָר — הבתולות".

אויף שיר־השירים האָט דער זעלבער מחבר זיך ניט באנוגן געלאָזט מיט א גלאָסאר. נאָר געמאַכט א פולע אי־בערזעצונג. אין דער הקדמה שרייבט ער: „ווען מיר עטליכי ליהן עפיש געלט, וועלט איך קהלת בלד אך אזו ווי שיר השירי' האָבן גישטעלט".

לײַדער האָט אים קיינער קיין געלט ניט געבאָרגט און דארום האָט ער פון קהלת ניט געמאַכט קיין פולע איבער־זעצונג נאָר באַזאָרגט עס מיט א בלויזן גלאָסאר.

(פון דאַנגען איז אָ ראיה צו שטיפ'ס רייד, אַז שיר השירים און קהלת האָט מאן ניט געוואָלט דאָס זיי זאָלן פארטייטשט ווערן וואָרט־פאַר־וואָרט. זע „צייטשריפט", ב. II, ז. 530).

זע שטיינשניידער, קאַט. באָד. ז.ז. 1922-23, נומער 6553. איבער דער וויכטיגקייט וואָס עס איז געגעבן געוואָרן צום „באר משה", זע לתולדות החנוך בישראל פון ש. אסף. (אין די פארשידענע שטעלן פארצייכנט אינם זוכצעטל). דער „באר משה" איז געדרוקט געוואָרן אויפן ראַנד פון חומשים אין פיל אויסגאַבן. זע שטיינשניידער, יידיש־דייטשע ליטע־ראַטור, נומער 353, ער דערמאָנט אָבער ניט דעם חומש פון פיורדא, תקכ"ה, (די אָרטאָגראַפיע איז דאָרט געענדערט).

3.

## צאנה וראנה

באזעל, 1622

ר' יעקב בן יצחק אשכנזי, מיאַנוב.

געשטאָרבן 1625 אדער 1628

דברי קהלת) דיא שטראָף ריד דיא דאָ הוט גיזאָגט שלמה המלך דש זיין נאָמן איזט גיוועזן קהלת, דער ווייל ער הוט איין גיזמלט פיל חכמות, אונ' נאָך איין פשט ער האָב גיהייסן קהלת. דער ווייל ער האָט גי־זאָגט זיין חכמות פער פיל לייט דיא זיך האָבן איין גיזמלט צו הערן זיין חכמות (מלך בירושלים) ער וואר שלמה איין מלך איבר ירושלים, דיא דא וואר

איין שטאט בון חכמות: (הבל הבלים) ער זאָגט שלמה אלי דיא בישעפנש דער וועלט אונ׳ אלש וואש דאָ איז אין דער וועלט דיא איזט אייטל נרהייט: (מה יתרון) ער זאָגט שלמה וואש איז א׳בריג לון אונ׳ רוח אן די ערבט, אונ׳ הנדל דער וועלט, ווען ער ניט תורה לערנט אונ׳ מצות טוט.

אין די שפּעטערדיקע אויסגאבן ווי אמשטרדם, תס״ג און תע״א און פראנקפורט תפ״ו, איז דער נוסח ווי פאלגט:

דברי קהלת די שטראָף ריד דיא דאָ האָט גיזאָגט (שלמה המלך) דש זיין נאָמן איז גיוועזן (קהלת), דער וויל ער האָט איין גיזאמלט פיל (חכמות) אונ׳ נאָך איין פּשט ער האָט גיהייסן (קהלת), דער וויל ער האָט גי־זאגט זיין (חכמות) פאר פיל לייט, דיא זיך האָבן איין גיזאמלט צו הערן זיין (חכמות), (מלך בירושלים) ער וואר (שלמה איין מלך) איבר (ירושלים), דיא דאָ וואר איין שטאט פון (א׳ן דער אויסגאבע פון תע״א איז דער נוסח: —פול) (הכמות).

הבל הבלים) ער זאָגט (שלמה) אלי דיא בישעפנים דר וועלט אונ׳ אלז וואש דאָ איז אין דר וועלט, דיא א׳ז אייטל נרהייט.

(מה יתרון) ער זאָגט (שלמה) וואָז א׳ז איברינ לון, אונ׳ (ריוח) אן די ערבט אונ׳ הנדל דר וועלט, ווען ער ניט (תורה) לערנט אונ׳ (מצות) טוט.

אין נאָך שפּעטערדיקע אויסגאבן איז דער צאינה וראינה אביסל מאָדערניזירט געווארן. אין דער לעמבערגער אויסגאבע פון יאר 1879, הגם אויפן שער־בלאט לייענען מיר: „מיר האבן אויסגעזוכט איין אלטן צאינה וראינה וואס עס שטייט אלע מדרשים און אלע הפטורות אזו וויא דער הייליגער מחבר הט עס ארוים געגעבן״, איז דער נוסח פאלגענדער:

דברי קהלת) דאָס זענן דיא שטראָף רייד ווס שלמה המלך האָט גזאָגט ווס זיין נאָמן איז גוועזן קהלת וויל ער האָט איין גזאמלט פיל הכמות אונ נאָך איין פשט איז דרום האָט ער גהייסן קהלת וויל ער פלעגט אלץ

זאָגן זיין חכמה פר פיל לייט וום האָבן זיך איין גזאמלט צוא הערן זיין חכמה (מלך בירושלים) ער איז גוועזן איין מלך אין ירושלים וואס דאָס איז גוועזן אַ שטאָט פון פיל חכמות (הבל הבלים אמר קהלת) שלמה האָט גזאָגט אלע בשעפניש פון דר וועלט זענען נאַריש. (מה יתרון לאָדם) ווס פר איין איבריגן שכר קימט ארוס דעם מענשן פון זיין ארבייט און האנדל פון דער וועלט ווען ער לערנט קיין תורה ודרך ארץ ניט.

.4

## מזמור לתודה

האלוף החכם כמוהר״ר דוד בן מוהר״ר מנחם הכהן.
הענא, תע״ז — 1717
אויפן שער שטייט דאָס די ערשטע אויסגאבע איז ערשינען
אין אמשטרדם, אין יאָר ת״ד — 1644.

טייטש גימאכט אויף פיר מגילות.
מאג זיך באווייזן אין אלי קהלות.
זונדר איכה האָט ער לאָזן שטין אויף אנזייט
פון וועגן אז עיש רעט פון לייד אונ׳ טרויארקייט.
די אנדרן פיר רידן פון גאטש לוב און שין גיזאנג.
גאָט זאָל אונש באלד דר ליזן אויז דעם ביזן גידראנג.

דברי קהלת דוד מלך בירושלים (דאָס ווארט „בן״ פעלט)

הערט צו די ריד פון קהלת איר ליבי לייט,
עדר (דער?) דאָ האָט גיקינגט איבר ירושלים
איין לאנגי צייט:
אין דער וועלט גאר וואול ארפארן!
די וועלט איז אייטל נרהייט קהלת שפריכט.
טורהייט נרהייט פאביל אונ׳ גאנץ ניכט:
ניקש דען לויטר נארן אונ׳ טארן:

וואש האָט דער מענש גניש פון אלר ערביט זיין,
דאָז. ער ערביט אונטר דער זוני שיין:
מוז איינר דעם אנדרן וויכין:
די ערד אבר דיא בלייבט אייביג שטין.

שולמאן, ז. 33, ברענגט ניט קיין אויסגאבע פון 1644 נאָר פון 1649. בא שולמאנען שטייט אויך פארגרייזט: לוזן שטיין אויף אבזייט (אנשטאָט — אנזייט) פון וועגן עס בעט פון לייד (אנשטאט — אז עס רעט פון לייד). אויפן שער זאָגט זיך, „עז איז אליש גישטעלט בניגון". דאָס איז א ראיה אז ניגון מיינט דעם משקל, מעטריק, ווי עס וויל האָבן אין „צייטשריפט", ב. I, ז. 254, ה' וועוויארקא, און ניט ווי ווײַנרייך, „בילדער", ז. 190.

.5

תנ"ך, אמשטרדאם, בלשון אשכנז, יקותיאל בליץ. (תל"ט. — 1679—1676)

א. די שטראָף ריד פון (קהלת) דער זון (דוד) דער קיניג צו (ירושלים).

ב. נרהייט דער נרהיידין, זאָגט (קהלת) נרהייט דער נרהיידין, עש איז אליש נרהייט.

ג. וואש פאר גווין האָט דער מענשי פון אלי זייני ארביט דאָש ער ארביט אונטר דיא זוני

שולמאן, ז. 47 שרייבט דאָס בליצס איבערזעצונג איז קיינמאָל ניט איבערגעדרוקט געווארן. איך זע אבער דאָס אין די מגישי־מנחה, אקטאַווא פארמאט, אמשטרדם, תק"מ — 1780, זענען די ערשטע פסוקים פון דער קהלת איבערזעצונג גענומען פון בליצן, מיט געוויסע אָרטאָגראַפישע שנויים. אין דער פאַליא אויסגאַבע פון די מגישי מנחה, (אמשטרדם, תפ"ה—תפ"ט, 29-1725. שולמאן, ז. 48 ברענגט אבער 1770 און 1793) האָב איך אין גאַנצן ניט געפונען קיין איבערזעצונג פון די מגלות.

אויך אין חומש מיט מגלות עם פירוש לשון אשכנז, געדרוקט אין אמשטרדם בבית ובדפוס המשותפים כהר״ר הירץ לוי רופא וחתנו קאשמאן מוכרי ספרים, הקט״ז — 1756, זענען די ערשטע פסוקים אזוי ווי ביי בליצן מיט קליינע ענ־דערונגען, איך האב אבער ניט פארגליכן די גאנצע איבער־זעצונג, די פארשונג ברויך דעריבער פארטגעזעצט ווערן אויך בנוגע די אנדערע מגלות.

.6

תנ״ך, אמשטרדם, יוסף המכונה יוזלן וויצן הויזן.
ערשטע אויסגאבע 1679, דא ווערט ציטירט די צווייטע אויסגאבע, תמ״ז — 1687.

א. דיא [שטראף] ריד פון (קהלת) [דאש איז שלמה] דער זון פון (דוד) דער קיניג אין (ירושלם).
ב. נארהייט דער נארהייט, שפריכט דער (קהלת) נארהייט דער נארהייט, עש איז איטל נאר־הייט.
ג. וואש פאר איין פארטייל האט איין מענש, אן אל זיינר ערבייט דיא ער ערבייט אונטר דער זונן.

וויצנהויזנס איבערזעצונג איז אויך אריינגענומען גע־ווארן אין דער ביבליא פענטאפלא, וואנדעסבעק, 1711, וואו זי איז איבערדרוקט געווארן לעבן דער קאטוילישער, רעפאר־מירטער, לוטערישער און האלענדישער ביבל־איבערזעצונגען. אלס „די יידישע איבערזעצונג״. אין דער דאזיגער ביבל, איז די יידישע איבערזעצונג געדרוקט געווארן מיט גאטישע אותיות. ווי עס שיינט איז וויצנהויזנס נוסח בכלל ווי אנער־קאנט געווארן אלס די קלאסישע יידישע איבערזעצונג, אין אלע מחזורים פון דעם אמשטערדאמער מדפיס פרופוס (תפ״א תק״י, א.ז.וו.) אויך אינם מחזור פון מיץ, תקכ״ט און אין „

מחזור לונדון, תקל״א, שיינט מיר לויט מיינע קורצע ציטאטן דאָס די קהלת איבערזעצונגען זענען גענומען פון וויצנהויזן. שולמאַן ז.ז. 47 און 48 מיינט דאָס די אמשטערדאמער איבערזעצונגען זיינען לגמרי פאַרוואָרפן געוואָרן, דאָס איז אָבער אבסאָלוט ניט ריכטיג. כדאי אויסצופאָרשן גענוי, וועלכע איבערזעצונג איז גענוצט געוואָרן אין די פאַרשידענע דפוסים פון מחזורים.

פּראָפ. פּיק האָט מיר צוגעשיקט אַן אָבשריפט פון די ערשטע פסוקים אין דער אויסגאַבע פון חמשה חומשי תורה עם הפטרות . . . אמשטילרדם בבית קאַספּער שטען, תס״ב, 1702:

א. דברי (קהלת) די שטראָף ריד פון (קהלת) דער זון (דוד) קיניג אין (ירושלים).

ב. (הבל) נאַרהייד דער נאַרהיידין זאָגט (קהלת) נאַרהייד דער נאַרהיידן, עש איז אַלש נרהייד.

ג. (מה) וואָש פאַר גווין האָט דער מענשי פון אַל זיין אירבּיט דאָש ער אַרבּיט אונטר דער זוני.

ווייזט אויס אַז מען האָט זיך דאָן שטאַרק געהאַלטן ביים פשוטן פשט. די איבערזעצונג שיינט צו זיין אַ קאָמפּילאַציע, צוזאַמענגעשטעלט לויט בליץ און וויצענהויזן.

.7

## ספר מלמד שיח

אליקום בהר״ר יעקב זצ״ל שליח צבור דק״ אמשטילרדם.
ת״ע — 1710. נדפוס באמשטילרדם.

דברי דש זיינן די שטראָף ריד קוהלת פון (שלמה המלך) דער דאָ היישט (קוהלת) בירושלים, אין (ירושלים) איין שטאָט דער קלוגהייט.

הבל איין נרהייט הבלים פון די נרהייט מה וואש איז יתרון גווין אודר איבריגש עמלו זיין מידיקייט

שיעמול דז ער זיך טוט מיאן תחת השמש אָן שטאט דער (תורה) דיא דאָ איז גגליכן צו דר זון.

געוועזן א גאליציאנער ייד. אין סדר התפלות מכל השנה, עם פירוש בלשון אשכנז, אמשטרדם, תס״ה, (1705), שרייבט ער: המעתיק והמפרש אליקום בהר״ר יעקב ש״ץ ז״ל מק״ק קאמרנא גלילת לבוב תושב בארץ נכריה באמ״ש.

.8

חומש באר התורה, עם חמש מגלות, מבואר בלשון אשכנז מלה במלה... אשר חבר האלוף התורני גדלי טייקים בלשון קלילה *) אַמשטרדם תקי״ח — 1758.

(וועגן ר׳ גדליה טייקים זע שולמאן ז. 115, ז. 48 רופט ער אים אָבער גדליהו טאקום)

א. דברי קהלת בן דוד די וואָרטין פון קהלת דער זון פון דוד מלך קיניג בירושלם אין ירושלים.

ב. הבל הבלים אייטלהייט דער אייטלהייטן אמר קהלת זאָגט קהלת
הבל הבלים אייטלהייט דר אייטלהייטן

---

*) עס שיינט מיר אלס ווארשיינליך, דאָס „לשון קלילה״ איז געוועזן א באַשטימטע באצייכנונג פאר יידיש.

אין דעם 15טן בריוו פון די באקאנטע פראגער „יידישע פריוואט־בריפע״ פון יאָר 1619, ווען דער שרייבער וויל אי־בערגיין פון דער לאנגער העברייאישער הקדמה צו יידיש, שרייבט ער: „שוב ידוע לכם בלשון קלילה...״

איך גלויב דעריבער, דאָס דר. לאנדוי און דר. וואכשטיין — די געלערנטע ארויסגעבער פון די בריוו — זיינען ניט גערעכט ווען זיי זאָגן אין דער אַנמערקונג צו דער באטרעפנ־דער שטעלע אין דער דייטשער אָבטיילונג, אַז דאָס רופט דער שרייבער פונם בריוו אזוי אַן יידיש, ווייל אים פער־זענליך איז לייכטער געוועזן צו שרייבן יידיש ווי העב־רייאיש.

ר׳ נתן נטע האנאָווער אין זיין „שפע ברורה״ (פראג, 1660) שרייבט: ועוד אחרת באתי להודיע לכם שפרשתי לשון אשכנז מלשון הקל המורגל בלשונינו ומעט מזעיר מלשון אשכנז של גויים.

הכל הבל אליש איז איטלהייט.

מה יתרון וואש באהט 1) לאָדם איז צו דעם מענש בכל עמלו אין אל זיין ערבייט שיעמול דאַש ער ערביי־טיט תחת השמש אונטר דער זאָן.

9.

## חמש מגלות

ביאַליסטאָק, תקס"ו — 1806.
(געדרוקט א שורה העברעאיש און א שורה יידיש)

די וואָרטין פון קהלת דער זין פון דוד דר קיניג אין ירושלים.

איטלהייט דער איטלהייטן זאָגט קהלת איטלהייט דר איטלהייטן אלעש איז איטלהייט.
וואס פר גווינש און איבעריש איז צו דעם מענש אין אל זיין ערבייט דס ער ערטבייטיט אונטר דער זון.

די איבערזעצונג שיינט צו זיין לגמרי איבערגעשריבן פון גדלי טייקיסעס נוסח. עס איז אבער צום ערשט דורכ־געזען געווארן און א ווארט ווי „באהט" איז געענדערט געווארן אויף: „גווינש און איבעריש". אנשטאט „זידן" שרייבט מען דאַ „דרום". אנשטאט — די דאַ איז מצודים ותרמים, נעצין אונט גארין לבה איר הערץ (קאפ. ז', פסוק כ"ו), האָבין מיר דאַ: נעצין די מיט שטארקין גארין גמאכט איר הערץ.

איך האָב אבער נים געמאכט קיין גענויע פארגלייכונג.

1) א זעהר אינטערעסאנט ווארט. ווי דאָס ענגלישע Boot עס איז געווען זייער פארשפרייט אין אידיש. זע מ. וויינ־רייך, „שטאפלען" ז. 246, אנמערקונג צו ז. 181.

.10

# מגלת קהלת — מיט מצודת

ווילנא, תקפ"א — 1821

פונם שער־בלאט:

ולתועלת ההמון עם אנשים וקטנים אשר לא הגיעו
להבנת לשוננו הקדושה תרגמתי אותו גם על לשון
אשכנז המורגל בפי בני עמנו.

א. דברי קהלת) די רייד האט גרעט שלמה המלך וועלכן מען רופט קהלת וויל ער האָט איין גזאמילט פיל חכמת פיל אודר וויל פיל לייט האבין זיך איין גזאמלט צו הערין זייני חכמת דען דש ווארט קהל איז טייטש איין זאמלונג.

(בן דוד) זון פון דוד המלך ע"ה, וועלכער וואר איין גרושער צדיק און איין חכם (מלך בירושלים) ער איז גוועזן איין מלך אין דער שטאט ירושלים וואש זיא איז פול גוועזן מיט אלירלייא חכמות אונ דרום איז צו פרשטיין אז וויל ער איז גוועזין אליין איין חכם און איין זון פון איין חכם אונ זוא אין איין קלוגע שטאט, שטעגט אין זיין ספר בוודאי פיל ווישן שאפט ווען אויך מיר פר שטייען ניט פיל זאכן.

ב. (הבל הבלים אמר קהלת) שלמה המלך זאגט אלי זאכן איז נישט. (הבל הבלים הכל הבל) אפילו דיא בעשטי זאַכן וואס נאָר אויך דער וועלט איז אליץ נישט.

ג. (מה יתרון לאדם) ווש פר איין גוטץ קומט ארויש צום מענשן (בכל עמלו) אין אלי זיינע מידקייט (שיעמול) וום ער מידט זיך (תחת השמש) אוף דר וועלט וועלכי איז אונטר דר זון. נישט מער מען דארף זיך מיהן אין תורה אונ מעשים טובים, מען זעהט דאָך ווי די וועלט פירט זיך, מען זעהט דאָך דעם סוף פון די רשעים וואס זאמלן איין געלט מיט גזילה.

אינטערעסאנט דאס חכמות — קומט דא נישט מיט קיין וא'ו נאך דעם מ'ם, נאר מיט א סג'ל אונטערן מ'ם. די דא־זיקע איבערזעצונג איז אויך איבערגעדרוקט געווארן אין די חומשים פון די ברידער ראם, ווילנא.

.11

## ספר קהלת עם פרוש רש"י

(דער פירש"י איז אינם טעקסט ניטא)

### ומצודת ציון. על כתב עברית ולשון אשכנז...

לעמבערג, תר"ט, 1849

פונם שער־בלאט:

יען ראיתי את הספר קהלת חכמתו של שלמה מלכא אשר הוא כאגרת החתים ואין פותר חלום ובחלום ואין פותר ונדרשתי מאת אחינו בני ישראל להעתיקו על לשוננו לשון אשכנז, ואמרתי בליבי מצוה הבא לידך אל תחמצנו. הקדמתי נשמע לנעשה והעתקנו בעזר האל אשר ליי החכמה והגבורו ללשוננו...

דברי דאש זעניין די שטראף רייד: קהלת פון שלמה המלך וואש ער ווערט אן גרופין קהלת ווייל ער הט תמיד מקהיל גוועזן די ישראל בכדי ער זאל זיי שטראפין בן דוד, דוד המלך זין וואש ער איז מלך בירושלים: אונ האט גזאגט הבל הבלים איין נארהייט איבר אלי נעריש־קייט אמר פלעגט צו זאגין קהלת שלמה המלך אז די תאות פון דער וועלט איז נאר נערישקייט: הכל הבל עס איז אליץ נאר הבלים ווארים, מה וואס יתרון איין מותרות קומט: לאדם צו דעם מענשין בכל עמלו מיט זיין גאנצין מיע: שיעמול וואס ער איז זיך מיגע בהבלי עולם: תחת פאר: השמש דיא זין וואס ער איז מחליף דיא תורה וואס די תורה הייסט שמש אונ איז עוסק בהבלי עולם.

.12

## ספר קהלת עם תרגום יהודית ובאור

מאת הרב מנחם מענדל לעפין. אדעסא תרל"ג — 1873
איש סטנוב. (געב. 1749, געשט. 1826)

זע וועגן אים ז. רייזין, לעקסיקאן פון דער יודישער ליטעראטור. 1914, ז.ז. 363-65 און ניו־יארקער פנקס 1-2, ז.ז. 172-173. אויך ד"ר י. קלוזנער. כתבי האוניברסיטה העברית בירושלים. מדעי היהדות, כרך א' ידיעות המכון למדעי היהדות III.

א. (דאס זעניִן) די ווערטער קהלת דוד'ס זוהן מלך אין ירושלים.
ב. הבל הבלים פלעגט קהלת צו זאגין, הבל הבלים אלדינג איז הבל.
ג. וואס קומט דעם מענשין דרויס מיט אלזיינע האריוואניע וואס ער דערהאריוועט זיך נאך אונטער דער זון.

.13

## שיח ספונים, על חמש מגלות

לעמבערג (?), תרכ"ג (?), 1862.
אריה ליב בראנדעס.
בדפוס הרבנים מו' צבי הירש שפערליגג ור' דוד בעריש לוריא.

זע אוצר הספרים פון בן יעקב, דאס דער מחבר פונם העברעאישן פירוש שיח ספונים איז געווזין אליעזר בר' אברהם כהנא. אין די ערשטע אויסגאבן איז קיין אידישע איבערזעצונג ניטא. די ווארשעווער מדפיסים אין יאר תרל"ח לאזן ארויס דעם נאמען פון איבערזעצער און שרייבן ברייטלאך: האבען מיר איבערגיזעצט...

דברי קהלת דס זענין די ווערטער פון דעם יצר טוב וום הייסט קהלת דס איז טייטש זאמלער ווייל ער זאמלט איין אלי גוטע מדות אונ לערינט דעם מענש ווי אזו ער זאל זיך אוף פירן בן דוד דם ווארט דוד בעטריפט פיר צעהן דען דער יצר טוב קומט צום מענש ערשט ווען ער איז שון אין פירצעהנטן יאר דם הייסט דרייצן יאר אונ איין טאג מלך בירושלים דא־מאלסט איז דר מענש זוכה צו דר הייליגע נשמה וום איז א מלכות אין ירושלים וום איז אין הימל אונ דער יצר טוב הייבט אן אים אזו צו זאגן הבל הבלים די נארישע עבירה ווירד גירעכינט פר צווייא נארישקיי־טען אונ דו ועסט מוזן דר פר טאפילט גישטראפט ווערין איין מאל פר דר עבירה וום האסט גיטוהן אונ ווידער בעזונדר פר דר הנאה וום דו האסט דר פון גיהאט איבר דעם אנטלויף פר דר עבירה. הבל הבלים איין נאריש־קייט ברענגט פיל נארישקייטן הייבסט דו אן עבירות צו טהון וועסטו שון אלע מאל טיפר קומן אין די עבירות הבל הבל דר נאך וועט שון אלץ בייא דיר זיין לויטר נארישע עבירות דען אזו איז דאך ווי באלד דר מענש זינדיגט עטליכע מאל ווירד ער שון דר מיט גי־וואונט אונ עס שיינט אים ער טוהט גאנץ רעכט.

(און אזוי איז ער כסדר ווייטער מאריך בדרוש)

.14

## מקראי קדש

י. י. אינדיצקי, ווארשא, תרנ״ח — 1898

תרגום המלות והענין

(קהלת) [דעם] פרעדיגערם
(הבל הבלים) ניכטיגקייט דער ניכטיגקייט.
(יתרון) פארטהייל, מעהרהייט.
עמלו) זיינע מיהע.
(שיעמול) וואס ער בעמיהט זיך.

.15

# קהלת

פון אברהם בר״ב יצחק שפירא, יליד מינסק.
(פיעטרקוב. תרס״ג, — 1903)

פונם שער־בלאט:

שלמה המלך האט געמאכט דעם ספר... אויך האט ער ערקלערט וויכטיגע אנטווארטין אויף די רייד פון די שלעכטע מענטשין די אפיקורסים וואס זיי לייקענען אין גאט ב״ה און אין זיין תורה... אונ ווייל דאס איז זייער נוטצליך פיר אלימען מענליכע אונ וויב־ליכע האב איך דאס איבער געזעצט אויף די זשאר־גאנישע שפראכע דאס אלע זאלין קענען לעזען און דיזעם וועט זייא גרויסע נוטצען געבין...

העתקה אשכנזית

דברי קהלת, די רייד פון קהלת דאס איז שלמה המלך, מען רופט אים קהלת ווייל ער האט גיזאמעלט פיל הכמה, און אלע האבען זיך געזאמעלט צו הערען זיין חכמה. [בן דוד], דער זון פון דוד המלך. ער איז גלייך גיוועזן צו זיין פאטער דען ער האט גירעט מיט רוח הקדש ווי זיין פאטער. (מלך בירושלים) ער איז גיוועזן קעניג אין ירושלים אויף די קינדער ישראל וואס זי זיינען איין קלוגע און איין פאר שטאנדיגע פאלק.

ב. [הבל הבלים] שלמה המלך זאגט דאס אלע וועלטליכע באשעפטיגונג איז גאר נישט, און אין אלע זיינע פארשידענע צייטען האט ער פארניכטעט דיא וועלטליכע זאכין, ווען ער איז גיוועזן איין מלכות, און ווען דער מלכות פון די שדים האט אים אוועק גיוואר־פין פיר הונדערט מייל, און ווען ער איז צוריק גיוואָרין מלכות, אין אלע צייטין האט ער גיזאגט הבל הבלים דאס דיא וועלטליכע בעשעפטיגונג איז זייער נא־עש.

ג. [מה יתרון] דען וואס פיר איין נוטיץ און איין תכלית איז צו דעם מענטשין פון זיין גאנצע מיהע וואָס ער ערמידעט זיך אויף דער וועלט.

.16

## חומש ק״ב פירושים

(איבערגעדרוקט ביי די היברו פּאַבּלישינג קאמפּ.
ניו יארק, תרע״ג)

א. דברי די רעדן פון דעם זאמלער, דאס הייסט פון דעם קעניג שלמה דער זון פון דוד וועלכער הט געזאַמעלט פיל קלוגע און ניטצליכע זאכן.

ב. הבל, אלץ איז נארעש, זאגט קהלת, אלץ וום געפינט זיך אוף דר ערד איז נארעש.

ג. מה יתרון, וואס פאר א ניטצן ברייגגט דעם מענטשען זיין גאנצע מיה (דען אלעס אין דער נאטור איז בעשטימט פון גאט, אונ ווי עס איז פריער געוועזען וועט אוך ביז צום אונטערגאנג פון דר וועלט זיין).

.17

## מחזור

פּיעטרקוב תרס״ח — 1908

(דברי קהלת) דס זענען דיא רייד פון דעם קהלת [דאָס איז שלמה המלך] וואָס ער איז גוועזן דער זון פון דוד ווס ער וואַר איין קיניג אין אין ירושלים (הבל) עס איז איין הבל איבר אלע הבלים הט גזאגט קהלת איין הבל איבר אלע הבלים עס איז אלץ נאר איין הבל. [דאס הייסט עס זענין אלע ענינים, פון דעם עולם ניט ווערט דס דר מענטש זאל זיך וועגן זיי בעמיהון חוץ תורה ומעשים טובים]. (מה) דען ווס בלייבט דעם מענטשן בייא אַלע זיינע בעמיהונגן וואָס ער באמיהט זיך אוף דעם עולם ווס עס איז אונטר דר זון.

.18

## תנ״ך

איבערזעצט אין א ריינעם מאָדערנעם אידיש לויט די נייע און אלטע מפרשים.
צווייטע פערבעסערטע אויפלאגע. ניו יארק, היברו פּאבלי־שינג קא. 1914.

(איבערזעצער)
Ch. Neuhausen, A. Hyman Charlap, and others,

1. (דאָס זיינען) די רייד פון קהלת,
דוד'ס זוהן, קעניג פון ירושלים,

2. נאַרישקייטען פון נארישקייטען,
האָט געזאָגט קהלת,
נאַרישקייט פון נאַרישקייטען,
אלצדינג איז נארישקייט.

3. וואס קומט שוין גאר דעם מענשען ארויס פון זיין גאנצער מיה, מיט וועלכער ער מאטערט זיך אונטער דער זונן ?

.19

## קהלת

ל. הערריסאָן, ניו יארק, 1916
מיט א הקדמה וואס לייקענט אז שלמה איז דער מחבר פון קהלת, און א הסכמה פון טעציל זעליקאוויטש.

.א

לעקטשורס פון קהלת
דודס א זוהן, קעניג איבער ירושלים.

פראלאג.

2. עס איז א גרויסער גארנישט
(זאגט קהלת:)
עס איז א גרויסער גארנישט,
דער גאר איז א גארנישט.

3. וואס פראפיטירט דער מענש
פון זיין גאנצען קוועלען זיך,
וואס ער קוועלט זיך דא
אונטער דער זונן?

.20

## קהלת שלמה

פון שלמה קאניגל (רעוו.)
בעקאנט און געגאנט דער בדחן קעניג, ניו יארק — 1924
(מיט א כתובה דאירכסא צום סוף)

נאך א פאררעדע פון גראמען —
... מיט אויסנאהם פון תורה, איז אלעס נאריש
וואס עס געפינט זיך אויף דער ערד־קוגעל ארום —
אלעס איז נאריש, לעבערליך און דום,
וואס בלייבט דעם מענש פון זיין ציעל עררייכען
ווען ער איז צו ענדע? ער מוז אלעס אויסווייכען.

.21

## י. ל. פרץ

1. די רייד פון קהלת,
דוד זון,

קעניג אין ירושלים —

2. קהלת קינדיקט אייטלקייט,
אייטל נישטיקייט,
אַלץ איז נישטיק נישט!

3. דען וואס פאר א גוטס דערווישט
און וואס האָט דער מענטש דערפון,
וואס ער מיט זיך אונטער דער זון?

(אויפן ווארט קהלת, און אויפן צווייטן פסוק, הבל הבלים, קומען לאנגע אנמערקונגען).

22

## י. ל. פרץ

צווייטער נוסח

1. די רייד פון קהלת
דעם זון דודס,
קעניג אין ירושלים.

2. דום — זאגט קהלת, דום!
אַלץ ארום
איז אייטל נישטיקייט,
נאר פארגענגלעכקייט.

3. מיט זיך דער מענטש אונטער דער זון, —
וואס האָט ער דערפון?
וואריאנט: וואס בלייבט אים דערפון?

.23

## שלום עליכם

(פון שלום עליכם־בוך)

1. דברי קהלת — דאָס איז די רייד פון קהלת,

דער זון פון דוד, דער קיניג פון ירושלים.

2. בלאָטע שבבלאָטע, זאָגט קהלת,
בלאָטע שבבלאָטע, ס'איז אַלצדינג בלאָטע,
אַ נעכטיקער טאָג.

3. וואס קומט אַרויס דעם מענטשן פון זיין
גאנצען טאַרעראַם, וואס ער שלאָגט זיך
קאָפּ אָן וואנט?
אין זיין גאנצער מאַטערניס,
וואס ער מאַטערט זיך אונטער דער זונן?

.24

## יהואש

ניו יארק, 1910

1. די ווערטער פון קהלת דער זוהן
פון דוד קיניג אין ירושלים: —

2. נאַרישקייט פון נאַרישקייטען —
זאָגט קהלת — נאַרישקייט פון נאַרישקייטען;
אלץ איז נאַרישקייט!

3. וואס פאר א נוץ איז דעם מענשען

.25

## יהואש

„צוקונפט", 1927

1. די ווערטער פון קהלת, דעם זוהן פון דוד'ן
דעם מלך אין ירושלים.

2. נישטיגקייט פון נישטיגקייטן, זאגט קהלת,
נישטיגקייט פון נישטיגקייטן, אלץ איז
נישטיגקייט.

3. וואס פאר א נוץ האָט דער מענש פון זיין
גאנצער מיה.
וואס ער מיהט זיך אונטער דער זון?



די שער בלעטער רעפּראָדוצירט אויף ז.ז. 121־122, זיינען פונם באַזעלער אויסגאַב פון דער צאינה־וראינה, געדרוקט אין יאָר 1622. נאָר עטליכע עקזעמפּליאַרן זיינען באַקאַנט פון דעם דאָזיקן גאָר־זעלטענעם אויסגאַב. פון די פריערדיקע אויסגאַבן (איינע אין לובלין און צוויי אין קראָקע) איז, ווי עס ווייזט אויס, קיין שריד ופליט ניט געבליבן. אונזערע פאָטאָגראַפיעס זיינען געמאַכט פונם עקזעמפּליאַר וואָס געהערט צו ה. יודא א. יאַפע אין ניו־יאָרק.

אַמאָל, ווי עס שיינט, איז די מחלוקה העברייאיש־יידיש ניט געווען באַקאַנט, און די וויכטיקסטע יידישע ספרים — הגם מערסטנס באַשטימט פאַר ווייבער און עם־הארצים — האָבן געהאַט העברייאישע שער־בלעטער.




# דער וואונדער - אוצר פון דער אידישער שפראך

פאָלקסטימלאַכע רעדנסאַרטן, שפּריכווערטער,
גלייכווערטלאַך און אַנעקדאָטן

---

געזאַמלט און דערקלערט דורך

**יהודה עלזעט**

הונדערט־דריי־און־פערציק

# מיט הונדערט יאהר צוריק

## שטודיען אין דעם אמאָליגען
## אינערליכען אידישען לעבען

# פון יהודה עלזעט

---

## מיינונגען פון דער קריטיק:

... החוברת שלפנינו הנה מתנה יקרה לאוצר מחקרי הפולקלור היהודי.

החוברת כוללת שני מאמרים, שהם הרצאה מקיפה על החומר הפולקלור והלשוני שהמחבר מצא בספר־אגרות אנונימי שנדפס בשנת תקפ״ה „בווילנה והורודנא״. מן האגרות הבדויות האלו אפשר ללמוד הרבה על סדרי החיים ידרכי המסחר והיחסים המשפחתיים בימים ההם וביחד עם זה הן אוצרות חומר לשונו עשיר ומגוון מאד. והמחבר בהרצאתו על החומר הזה מופיע לפנינו כחוקר מומחה במקצוע זה כמדרגה ראשונה —

העולם, גליון מ״ט, 1928.

...This can be considered a most important contribution to Jewish folklore. Every branch of Jewish life is dealt with. The life of business men, small shopkeepers, the love of young people and the activities of the shadchanim are introduced with a touch of real artistic skill, pictured in the most vivid manner and with a great deal of humour.

As attractive as the reading of the book is, one is just as much interested by the thorough explanations, and more especially by the comparative footnotes which are extremely instructive and testify to the author's extreme learning. The young science of Jewish folk-lore undoubtedly has in the author a most earnest and talented explorer.

The Zionist Record, Johannesburg, March 23, 1928.

...Unuebertrefflich ist die historische Treue, die uns hier Einblick gewaehrt in das Leben des juedischen Kaufmannes, in die Erziehung der Toechter, die Berufliche Taetigkeit der Frau, in die Praxis der Heiratsvermittler ..Der wert dieser Perlen wird noch durch die Fassung, die gelehrten Anmerkungen erheblich erhoeht.

Die Warheit, Wien, 20 Juli, 1928.

---

Printed in Canada by the Eagle Publishing Co., Ltd., Montreal, Que.